# שֵׁם און יֶפֶת

פון

הרב אפרים פישל נייטאן

(מאַקאָווער רב)



נויאָרק — תש״א



געדרוקט ביי די
מוינעשטער פּאָבלישינג קאָמפּ.
211 איסט בראָדוויי
ניו יאָרק, נ. י.

געווידמעט דעם אנדענקן

פון מיין ליב־הארציקן פאָטער

הרב הגאון המפורסם ר׳ מרדכי ז״ל

(נפטר כ״ח כסלו, תרע״א)

ראב״ד אין מאקאָווי

לאָמזער גובערניע

(רוסיש־פוילן)

דער מחבר

# אינהאלט

דאָס ווערק האָב איך ספּעציעל געשריבן
פאַר דעם אידישן לעזער, און כדי עס זאָל
זיך אויך אין דעם פאַראינטערעסירן דער
העברעישער לעזער, האָב איך כמעט אלע
באַמערקונגען געשריבן אין העברעיש.

דער מחבר

# ווען עס זיינען אנטשטאנען די תרגומים
# פון דער תורה שבכתב

אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש איז די עקזיסטענץ פון אידענטום, להכעים דעם פיזישן געזעץ, נישט געווען אפהענגיק פון ארט און צייט. דאס קערענדל, וואס די נביאים האבן פארזייט ביים סוף פון בית ראשון, ווי אויך פריער, האט געשפראצט און געוואקסן אין דער צייט פון בית שני און איז געווארן א גרויסער בוים, וועמעס ווארצלען זענען געווען אין ארץ ישראל און די צווייגן אין דער גאנצער וועלט.

די צעזייטקייט פון דעם אידישן פאלק אין פארשיידענע לענדער, וואס האט זיך אנגעהויבן בשעת דעם בית ראשון און איבער־הויפט בשעת דעם בית שני, האט גורם געווען, אז דאס יהדות זאל פארצווייקט ווערן איבער דער וועלט.

די אידן וואס זיינען פארשפרייט געווארן איבער דער וועלט האבן זיך געהאלטן פעסט אין די געזעצן פון דער תורה, אבער ניט אין די געזעצן פון דער שפראך, און אויף אזא אופן איז פארגעסן געווארן דער לשון הקודש, אין וועלכן די תורה איז געשריבן געווארן. דארום האט מען געמוזט אנקומען צו תרגומים (איבערזעצונגען) אין דער שפראך וואס אידן האבן גערעדט.

די שפראך פון דער אידישער באפעלקערונג, אין די לעצטע יארהונדערטן פאר דער נייער צייט, איז געווען ניט העברעיש נאר אראמיש. ווי אזוי און ווען דער דאזיקער אומבייט איז געשען איז ניט מעגליך גענוי צו דערגיין, אבער דאס איז זיכער, אז ניט די אידן וועלכע זענען געקומען צוריק פון גלות בבל האבן געבראכט מיט זיך די אראמישע שפראך, ווארום אויך נאך גלות בבל איז די ערשטע

צייט די אידישע ליטעראַטור געשריבן געוואָרן אין העברעיש. אחוץ דעם, איז דער אַראַמישער דיאַלעקט אין ארץ ישראל ניט דער מזרח אַראַמישער, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אין בבל, נאָר דער מערב אַראַמישער. בכן דאַרף מען אָנעמען, אַז דער אַראַמישער דיאַלעקט איז אַריינגעדרונגען קיין ארץ ישראל צוביסלעכווייז פון צפון-זייט פון סיריען. דערצו האָבן מיטגעהאָלפן צוויי סיבות: ערשטענס, וואָס די אידישע באַפעלקערונג איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן סיי אין צאָל און סיי פּאָליטיש, און צווייטענס, איז אַראַמיש אין דער צייט פון די פּערסער געווען די מלוכה-שפּראַך.

די איבערגאַנגס-צייט באַצייכענען אין אַ געוויסער מאָס די ספרים „עזרא" (אין דעם דריטען יאָרהונדערט פאַר דער נ. צ.) און „דניאל" (167-165 פאַר דער אייראָפּעישער צייטרעכנונג), וואָס זענען געשריבן אַ טייל אין העברעיש און אַ טייל אין אַראַמיש, (אַראַמיש: עזרא ד' ה'—ו' י"ח; ז' י"ב—כ"ו; דניאל ב' ד'—ז' כ"ד). אין דער גריכישער איבערזעצונג פון די שבעים זקנים וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם דריטן יאָרהונדערט פאַר דער אייראָפּעישער צייט-רעכענונג ווערט „פסח" שטענדיק איבערגעגעבן אין דער אַראַמישער פאָרם „פסחא". „גר" צוויי מאָל (שמות י"ב י"ט; ישעי' י"ד א') דורך גיאָראַס (גיורא). דערפון איז געדרונגען, אַז אַראַמיש האָט שוין גע-הערשט אין יענער צייט.

דער ספר „חנוך", (א) איינער פון די ספרי-גניזא, איז אָנגע-שריבן אין אַראַמיש ווי עס איז צו זען פון די אַראַמישע ווערטער וואָס געפינען זיך אין דער גריכישער איבערזעצונג. אַ מימרא פון יוסי בן

---

(א) ספר זה המיוחס לחנוך, לא יצא מתחת ידי מחבר אחד, אלא הוא כולל נבואות וחזיונות, שנכתבו על ידי סופרים שונים במשך מאתים או שלש מאות שנה. החלק היותר עתיק שבספר הם הפרקים 1—36 והפרקים 72—105, הללו קובעים את זמן חבורם בימי יהודה המכבי, והללו—בימי יוחנן הורקנוס. מקום חבורו של הספר הוא ארץ ישראל והלשון שבה נכתב מעיקרו היתה עברית או ארמית.

יועזר, אַן ערך אין מיטן פון 11-טן יאָרהונדערט, ווערט געבראַכט אין דער משנה (עדיות ח׳ ד׳) אין אַראַמיש. דאָס אייגענע אויך עטליכע מימרות פון הלל הזקן און אַנדערע תנאים (אבות, א׳, י״ג, ב׳, ו׳; ח׳, כ״ב, כ״ג).

ס׳איז אויך כדאי צו באַמערקן, אַז יוסיפוס ברענגט אַלע נעמען פאַר כהנים, שבת פסח, שבועות אין אַראַמיש. די פאָלקס-מאַסע בכלל איז געווען אַזוי ווייט פון העברעיש, אַז ביים לייענען די תורה אין די שולן האָט מען געמוזט פאַרטייטשען פסוק פאַר פסוק אויף אַראַמיש.

נאָר ניט קוקענדיג אויף דער דאָזיקער הערשאַפט פון דער אַראַמישער שפּראַך איז העברעיש דאָך געוואָרן געברויכט אַלס די הייליגע שפּראַך (לשון הקודש). אין די שולן פון ארץ ישראל פלעגט מען לייענען די תורה אויף העברעיש; געוויסע תפילות האָט מען געמוזט זאָגן אין העברעיש (משנה סוטה ז׳ ב׳) „דוקא אין העברעיש מוז מען זאָגן: די פּרשה פון די בכורים, דעם מאמר ביי דער חליצה, די ברכות און די קללות, ברכת כהנים, די ברכות פונ׳ם כהן-גדול, די פּרשה פונ׳ם קעניג,—וואָס ער פלעגט לייענען אום סוכות פון איטליכן שמיטה יאָר, — די פּרשה פון דער עגלה ערופה, אַז מען פלעגט גע-פינען חוצ׳ן שטאָט אַ דער׳הרג׳טן, די רייד פונ׳ם משוח מלחמה, וואָס ער רעדט צום פאָלק״.

אויך איז העברעיש געבליבן די שפּראַך פון די געלערנטע וואָס פלעגן אין איר פירן זייערע יורידישע דיסקוסיעס. ערשט אַן ערך זינט דעם דריטן יאָרהונדערט נאָך דער נ. צ. דרינגט אויך דאָרט אריין אַראַמיש; די משנה (2-טער יאָרהונדערט נאָך דער אייראָפּעישער צייטרעכענונג) איז געשריבן נאָך העברעיש, אָבער אין תלמוד ירושלמי (4-טער יאָרהונדערט נאָך דער נ. צ.) געפינט זיך אויך אַ סך אַראַמיש.

ווען דער פּערסישער קעניג קאַמביזעס האָט איינגענומען מצרים, איז דאַמאָלסט דאָרט געווען אַ אידישער ישוב, און די דאָר-

טיקע אידן האָבן גערעדט אראַמיש. אָבער נאָך דעם ווי אַלעקסאַנדער מוקדון האָט איינגענומען מצרים און האָט דאָרט געגרינדעט די שטאָט אַלעקסאַנדריע אַלס הויפּט־שטאָט איז אין אַ משך פון צוויי דורות געוואָרן ביי די דאָרטיקע אידן די הויפּט־שפּראַך גריכיש.

נאָך דער איבערזעצונג פון דער תורה אין גריכיש (העתקת השבעים), זענען אויך איבערזעצט געוואָרן די נביאים און כתובים. אין דער הקדמה פון דער גריכישע איבערזעצונג פון משלי בן סירא, (ב) אנטשולדיקט זיך דער איבערזעצער פאַר די לעזער, וואָס טיילמאָל קלינגט נישט גוט די איבערזעצונג, און דאָס איז צוליב די שוועריג־קייטן וואָס ער האָט געהאַט ביים איבערזעצן פון לשון הקודש אויף גריכיש. די הקדמה איז געשריבן געוואָרן 132 יאָר פאַר דער נייער צייט. דאָס איז אַ גרינדליכער באַווייז, אַז אין יענער צייט איז שוין גאַנץ תנ״ך געווען איבערזעצט אין גריכיש.

די צייט פון דער תורה איבערזעצונג, קען מען זאָגן, איז פאַר־געקומען אין די צייטן פון תלמי דעם צווייטן. גרעץ איז אָבער מיט דער מיינונג, און מיט אים שטימט מיט ווילריך, אַז די איבערזעצונג איז געווען שפּעטער, אין די צייטן פון תלמי דעם זעקסטן. אָבער די שפּעטערע חוקרים האָבן מיט דעם ניט מיטגעשטימט.

אין אַ דאָקומענט וואָס איז געשריבן געוואָרן אין צווייטן יאָר־הונדערט, פאַר דער נייער צייט, באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער בריוו

---

(ב) הספר „משלי יהושע בן סירא" הוא המובחר שבין היצירות הפיוטיות של כתבי האפוקריפין, מחברו יהושע בן סירא, בן דורו של שמעון הצדיק משירי אנשי כנסת הגדולה, היה חכם־החיים, אשר עיניו בהירות ופקוחות על דרכי בני האדם, מעלליהם, טיבם ויצרי לבם, הסתכלותו החדה חדרה אל תוך כל שדרות החברה למפלגותיה ומערכותיה ואת כל אשר הגה וחשב למראה עיניו ולמשמע אזניו הוא מפליא להביע בפתגמים חדים ומלוטשים, הנוקבים ויורדים לתוך תוכו של המכוון. אין לך אדם בחברה, שאינו יכול למצוא בין פתגמיו את הלקח הנאות לו.

פון אריסטעאס", ווערט דערציילט די געשיכטע פון דער דאזיקער איבערזעצונג. דער קעניג פטאלעמעאוס, (תלמי) דער צווייטער פילאדעלפוס, האט געוואלט האבן אין זיין גרויסער ביבליאטעק אויך די אידישע הייליקע שריפטן. צוליב דעם האט ער געשיקט שלוחים קיין ירושלים צום כהן גדול אלעזר און פון אים פארלאנגט ער זאל אים שיקן געלערנטע אידן וועלכע וויסן גוט די הייליקע שריפטן און קענען אויך גרינטליך די גריכישע שפראך, כדי זיי זאלן איבערזעצן די אידישע תורה אין גריכיש.

דער כהן גדול האט דאן געשיקט צום קעניג אין אלעקסאנדריען צוויי און זיבעציק געלערנטע זקנים מיט ספר-תורה׳ס. דער קעניג האט זיי אויפגענומען מיט גרוים כבוד, האט מיט זיי לאנג פארבראכט אין שמועסן וועגן רעליגיע, פילאזאפיע, עטיק (מדות) און פאליטיק, און האט זיך געוואונדערט איבער זייער חכמה. נאך דעם האט מען זיי אפגעגעבן א בנין אויף דעם אינזל פאראס, נים ווייט פון אלעקסאנדריען, וואו יעדער איינער באזונדער האט איבערזעצט דעם גאנצן העברעישן טעקסט און די איבערגעזעצטע טיילן פון יעדן איינעם זענען יעדן טאג פארגליכן געווארן פון אלע איבערזעצער און אזוי איז, נאך פיל מיה, צוזאמענגעשטעלט געווארן א פינקטליכע איבערזעצונג פון דעם טעקסט. צוויי און זיבעציק טעג האט געדויערט די גאנצע ארבייט, וואס האט באקומען די הסכמה פון די פארשטייער פון דער אידישער געמיינדע אין אלעקסאנדריען.

די איבערזעצונג איז איבערגעגעבן געווארן צום קעניג, וועלכער האט שטארק באוואונדערט משה׳ס געזעצגעבונג און האט די איבערזעצונג אריינגעגעבן אין דער קעניגליכער ביבליאטעק. אויך האט ער באשאנקען די איבערזעצער מיט גרויסע מתנות און האט זיי מיט כבוד אפגעשיקט צוריק אין זייער לאנד, ארץ ישראל.

דער תרגום השבעים איז געווארן אנגענומען צווישן די אידן, וועלכע האבן גערעדט גריכיש, אלם א פינקטליכע איבערזעצונג פונ׳ם

העברעישן טעקסט. פילאן, וועלכער האָט ניט געקענט קיין העברעיש, האָט זיך צוגעטראָגן מיט יראת הכבוד דער דאָזיקער איבערזעצונג און אויך יוסיפוס האָט זיך זער פיל באַנוצט מיט איהר, כאָטש ער האָט גוט געקענט העברעיש.

אין אָנהויב פון צווייטן יאָרהונדערט פון דער נייער צייט, האָט אָבער די העתקת השבעים פאַרלוירן דעם גאַנצן חשיבות צוליב די חסרונות פון דער איבערזעצונג גופא און די טעותים וואָס האָבן זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט, ביז מען האָט געזאָגט אויף איר: „קשה היה היום שעשוהו כיום שנעשה בו העגל ושנשתברו בו הלוחות (מסכת סופרים א׳ ד׳ ומס׳ ספר תורה א׳ ח׳). עוד אמרו „כי ירדה חשכה לעולם שהיה העולם חושך שלשה ימים” (מגילת תענית י״ב). דער טאָג, ווען זי (די איבערזעצונג) איז געמאַכט געוואָרן, איז געווען פּונקט אַזאַ שווערער, ווי דער טאָג ווען דער עגל איז געמאַכט און די לוחות זענען צעבראָכן געוואָרן . . . אויך זאָגט מען, אַז אַ פינסטערניש האָט (דאַמאָלט) פאַרהילט די וועלט, און אַז די פינסטערניש האָט געדויערט דריי טעג . . . .

די חכמים פון ארץ ישראל האָבן דעריבער באַגריסט מיט פרייד די נייע איבערזעצונג פון אקילאַ, אַ גריך, וועלכער האָט זיך מגייר געווען פאַר דעם חורבן ביתר און וועלכער איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ אליעזר, פון ר׳ יהושע און אויך פון ר׳ עקיבא. אין תלמוד ירושלמי מס׳ מגילה א׳ י״א ווערט טאַקע געזאָגט: „עקילס הגר תרגם את התורה לפני ר׳ אליעזר ולפני ר׳ יהושע וקילסו אותו ואמרו לי׳ יפיפית מבני אדם”. אקילאַ, דער גר, האָט איבערגעזעצט די תורה פאַר ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע (אין ירושלמי, קדושין א׳ א׳, שטייט: פאַר ר׳ עקיבא). האָבן זיי אים געלויבט און געזאָגט צו אים: „אויס־געצייכנט האָסטו זיך צווישן די מענשן!” ווארום אקילא האָט מדקדק געווען, אַז דער העברעישער מקור זאָל זיך אַרויסזען פון דער גרי־כישער איבערזעצונג.

פאַר אקילא, אין דעם צווייטן יאָרהונדערט פון דער נייער צייט, האָט אַן אַנדער גר צדק פון עפעזוס, אַ געוועזענער גריך, מיט דעם נאָמען טעאָדאָציאָן, געמאַכט אַ גריכישע איבערזעצונג פאַר מקרא. זי איז אָבער נישט געווען קיין פולשטענדיק-אָריגינעלע אַרבייט, ווארום טעאָדאָציאָן האָט ניט געמאַכט אַ נייע איבערזעצונג; ער האָט בלויז געשטרעבט צו פאַריכטן די טעותים פון דער אַלטער איבערזעצונג צוצופאַסן דעם תרגום היוני צו דעם טעקסט פון דעם אָריגינעלן העברעיש, ווען די העתקת השבעים האָט ניט געשטימט מיט די נוסחאות פון מקרא. טיילווייז האָט ער אין דעם תרגום היוני געשטעלט העברעישע ווערטער אין דער גריכישער טראַנסקריפּציע.

אַ דריטער איבערזעצער פון די הייליקע שריפטן, סימאכוס, האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַרשענערן דעם סטיל פון דער אַלטער איבערזעצונג. זיין ווערק האָט דעריבער נישט די בעדייטונג ווי די העתקת השבעים, אָדער די תרגומים פון טעאָדאָציאָן און אקילא.

אַ סך אַנדערע גריכישע איבערזעצונגען זענען כמעט ווי פאַר־געסן געוואָרן און זענען נאָר פאַרצייכנט אַלס דער פינפטער (די ערש־טע פיר זענען: תרגום השבעים, טעאָדאָציאָן, אקילא און סימאכוס), דער זעקסטער און דער זיבעטער תרגום. פון דעם פינפטן און דעם זעקסטן תרגום ווייסן מיר לכל הפחות זייער געשטאַלט: דער פינפטער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שיינעם גריכישן סגנון, און דער זעקס־טער איז געווען אַ מין מדרש. אָבער פון דעם זיבעטן ווייסן מיר גאָרנישט.

אין סוף פון 14-טן יאָרהונדערט איז געמאַכט געוואָרן אַ נייע גריכישע איבערזעצונג. מען זאָגט, אַז דער איבערזעצער איז געווען אַ איד, אַ קרוב למלכות, אין די צייטן פון טערקישן סולטאַן מוראַד דער ערשטער. דער איבערזעצער האָט אין זיין אַרבעט זיך באַנוצט מיט דעם פירוש פון רד"ק. אַ חידוש געפינען מיר אין דער איבער־

זעצונג, אַז ער איז געקומען צו דער איבערזעצונג פון ספר דניאל, האָט ער געוואָלט מאַכן אַ שינוי מיט זיין אַרבעט, ווייל דער ספר איז דאָך געשריבן אין דער אַראַמישער שפּראַך. וואָס האָט ער געטאָן? אַלע ספרי מקרא האָט ער איבערגעזעצט מיט דעם ליטעראַרישן גריכישן סגנון און דעם ספר דניאל האָט ער איבערזעצט מיט דער גריכישער פאָלקס-שפּראַך. דאָס איז געווען באמת אַ שיינע אויפגאַבע, כאָטש מיר ווייסן נים אויף וויפיל זיי האָבן פאַרשטאַנען, אין דער צייט פון דער איבערזעצונג, דעם גריכישן דיאַלעקט.

די איבערזעצונג פון די זיבעציק (העתקת השבעים גריכיש: סעפּטואַגינטאַ) איז געווען אַ זער וויכטיגער פאַקט אין דער געשיכטע פון די אידן און איז אויך געווען אַ מייל-שטיין אויפ׳ן וועג פון גריכישער און רוימישער ציוויליזאַציע. די געשיכטע ווייזט, אַז די איבערזעצונג פון דער ביבל אין גריכיש האָט געבראַכט זעהר פיל נוצן און געהאַט אַ ציוויליזאַטאָרישע ווירקונג אויף די אַנדערע פעלקער. די דאָזיקע איבערזעצונג האָט פיל געהאָלפן צום איבערגיין פון אַ סך גריכן און רוימער פון הייִדענטום צום אידענטום.



# ווען איז געוואָרן צונויפגעזאמלט און צונויפגעשטעלט די משנה און דער תלמוד ?

די תורה שבעל פה, וואָס איז, לויט די רייד פון די חכמי ישראל, איבערגעגעבן געוואָרן בקבלה פון משה רבינו און פון איין דור צום אנדערן, האָט דעם ציל צו דערקלערן די געזעצן פון דער תורה שבכתב; ווי אזוי אָנצואווענדן זיי אין פאַרשיידענע פאלן פון לעבן. די אויס־טייטשונג איז נישט דוקא לויט דעם וואָס דער שכל איז מחייב צו מאָדיפיצירן די חוקים פון דער תורה, בהסכם מיט די פאָדערונגען פון דער צייט און מיט די פאַרשיידענע אומשטענדן, נאָר באזירט אויף געוויסע פעסטע כללים. דורך פירושים און דרשות האָט מען פון די חוקים פון דער געשריבענער תורה מחדש געווען נייע חוקים און דינים, און די דאָזיקע נייע געזעצן האָט מען ארויסגעדרונגען נאָך נייערע, און צו די דאָזיקע אלע נייע און נייערע חוקים און דינים פון דער מינדליכער תורה האָט מען צוגעגעבן פונקט אזא אויטאָריטא־טיווע קראַפט ווי די געבאָטן פון תורת משה (ווענן א גאנצער ריי געזעצן און דינים פון תלמוד איז אָנגעגעבן; אז זיי זענען הלכה למשה מסיני, ד. ה. זיי זענען איבערגעגעבן בקבלה דירעקט פון משה מסיני).

די געשיכטע פון דער אידישער רעליגיע לאָזט זיך איינטיילן אין פינף הויפט־תקופות.

די ערשטע תקופה איז זינט די ציימן פון די אבות ביז משה רבינו, ד"ה ביז נאָך יציאת מצרים.

די צווייטע תקופה איז פון משה'ן אן ביז נאָך דער צייט פון דער כנסת הגדולה (גרויסע פערזאמלונג). די דאָזיקע „כנסת הגדולה" טאָר מען זיך נישט פאָרשטעלן אלס א פארזאמלונג פון טעאָלאָגן איין

מאָל אין איין באַשטימטער צייט. דען אַזוי האָט זיך גערופן אַ שטענדיקע נאַציאָנאַלע געזעץ-געבערישע אינסטיטוציע פון נביאים, סופרים (געלערנטע שריפטשטעלער) און טעאָלאָגן (צוזאַמען הונדערט-צוואַנציק מיטגלידער) פאַר אַ משך פון אַ גאַנץ לאַנגער עפּאָכע, זינט דעם חורבן בית ראשון ביז אָנהויב משנה (אין דער ערשטער העלפט פון צווייטן יאָרהונדערט פאַר דער אייראָפּעישער צייט-רעכענונג).

די נביאים חגי זכריה און מלאכי זענען געווען פון די ערשטע מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה און שמעון הצדיק איז געווען פון די לעצטע. (משירי אנשי כנסת הגדולה, אבות א׳. שמעון הצדיק האָט געלעבט אין דער צייט ווען מלכות יהודה איז אַריבער אונטער דער הערשאַפט פון די סעלעווקידן, צום סוף פון דריטן און אין אָנהויב פון צווייטן יאָרהונדערט פאַר דער אייראָפּעישער צייט-רעכענונג). די דאָזיקע אנשי כנסת הגדולה, ווי זייערע פאָרגייער זינט די צייטן פון יהושע בן-נון, האָבן אין גרונט פון דער יהדות געלייגט תורת משה און בהסכם מיט דער מעטאָדע פון דרש׳ענען די תורה וואָס איז איבערגעגאַנגען בקבלה (ווי אַ טראַדיציע) פון דור צו דור. זיי האָבן, לויט די פאָדערונגען פון דער צייט און לויט די אומשטענדן, מוסיף געווען נייע חוקים, אַרויסגעדרונגענע פון די אַלטע, און אויב זיי פלעגן אין עפּעס זיין מחולק, פלעגן זיי מכריע זיין לויטן רוב דעות.

די דריטע תקופה גייט פון אָנהויב משנה ביז איר אָפּשלום (אַן ערך אין יאָר 200 נאָך דער אייראָפּעישער צייט-רעכענונג, די תקופה הייסט אויך די תקופה פון די תנאים, וואָס האָט געדויערט קרוב 400 יאָר) דורך ר׳ יהודה הנשיא, וועמען דאָס פאָלק האָט גערופן „רבינו הקדוש״. ביז דער דאָזיקער תקופה איז פאַרווערט געווען צונויפצושטעלן שריפטליך אַלע נייע און נייערע געזעצן וואָס זענען אין תורת משה נישטאָ, נאָר זענען פון איר בלויז אַרויסגעדרונגען. זיי האָבן געטראָגן דעם נאָמען תורה שבעל פה, און דערפאַר, ווייל די געלערנטע האָבן זיי געמוזט איינ׳חזר׳ן און געדענקען אויף אויס-

וועניק. דאָס איז פאַרוועדט געוועזן כדי נישט קאָמפעטענטע מענשן זאָלן נישט האָבן קיין טעות און זאָלן נישט מיינען, אַז וויבאַלד די נייע דינים זענען אָנגעשריבן, האָבן זיי אויך אַזאַ קראַפט ווי די חוקים פון דער תורה שבכתב.

ר׳ יהודה הנשיא אָבער, האָט דערזעהן אַז פאַר אַ משך פון הונדערטער יאָרן האָט זיך אָנגעזאַמלט אַן אומגעהייערע פאַרשיידענאַרטיקע מינדליכע ליטעראַטור וואָס קען לייכט פאַרגעסן ווערן (אגב האָט זיך אין זיין צייט אָנגעהויבן דער לאַנגער פעריאָד פון דער טיראַנישער מיליטערישער דיקטאַטור אין דער רוימישער אימפעריע, וואָס האָט געבושעוועט באַזונדערס איבער דער אידישער באַפעלקערונג אין ארץ ישראל. האָט מען אין די דאָזיקע פינסטערע צייטן געמוזט זען ראַטעווען קולטור-ווערטן פון אונטערגאַנג, איבערלאָזנדיק פאַר די קומענדע דורות כאָטש שריפטליכע דאָקומענטן.) און האָט באַשלאָסן, אַז בכדי צו האָבן די מעגליכקייט אָפּצוהיטן אַלע געזעצן, מוז מען עובר זיין אויף איין געזעץ. אָבער בכדי אַרויסצורופן אַ הסכם פון דער געזעלשאַפט צו זיין דרייסטן אַקט, האָט ער זיך אויף דעם געשטיצט מיט אַ פסוק פון תהלים: „עת לעשות לה׳ הפרו תורתך״, וואָס ער האָט אויסגעטייטשט אויף אַזאַ אופן: עס זענען דאָ אומשטענדן ווען מען טוט אַ גוטע זאַך פון גאָט׳ס וועגן, דוקא דערמיט וואָס מען איז עובר אויף אַ געוויסען געזעץ פון דער תורה.

ער האָט געלעבט אין די צייטן פון אַנטונינוס פיוס (138-161), מאַרקוס אורעליוס פילאָסאָפוס (161-180), קאָמאָדוס (180-192) און סעפּטימיוס סעווערוס (193-211). ער איז געווען נשיא פון 170 ביז 210 נאָך דער אייראָפּעישער צייטרעכענונג, איז געווען רייך (ער האָט דעם גרעסטן טייל פון זיין פאַרמעגן אָפּגעגעבן פאַר זיין גראַנדיעזער זאַך אויף שטיצע פאַר אָרימע תלמידי חכמים), און איז געווען באַגאַבט מיט אַלע כשרונות וואָס האָבן זיך געפאָדערט פאַר דער דאָזיקער אונטערנעמונג. ער האָט מחבר געווען די משנה, וואו ער האָט רע-

פערירט די געזעצן פון תורת משה, טיילווייז לוים פירושים, וואס זענען איבערגעגעבן געוואָרן בקבלה פון דור צו דור, און טיילווייז דערקלערענדיק לויטן ריינעם פארשטאנד. עס זענען אין דער משנה אריין אויך געוויסע געזעצן, וואס וועגן זיי ווערט געפירט א מחלוקת צווישן די תנאים.

אייניקע חכמים האָבן שוין פריער אָנגעהויבן צו זאמלען די אלטע הלכות ווי ר' עקיבא (משנה דר' עקיבא), און ר' מאיר (משנת ר' מאיר). אָבער יענע זאמלונגען זענען ניט געווען פאָלקאָמען, און צווייטנס האָט זיי געפעלט דער סדר. ר' יהודה האָט באזייטיקט די פעלערן.

ר' יהודה הנשיא האָט ניט אריינגענומען אין זיין משנה אלע הלכות וואס זענען באוואוסט געווען אין זיין ציים. ער האָט א סך דורכגעלאָזן. אייניקע פון די געלערנטע האָבן געפונען פאר נויטיק צו זאמלען די הלכות און האָבן פון זיי צוזאמענגעשטעלט א באזונדער ווערק אונטער'ן נאָמען „תוספתא" אָדער „ברייתא". אנדערע גע־לערנטע האָבן זיך באשעפטיקט מיט דערקלערן די הלכות וואס די משנה אנטהאלט אין זיך.

אויסער די „תוספתא" זענען אין יענער ציים געמאכט געוואָרן נאָך אייניקע זאמלונגען אלס א פירוש צו דער תורה. צו די מין זאמ־לונגען געהערן „מכילתא", א סאָרט פירוש צום ספר שמות; „ספרא", א פירוש צום ספר ויקרא, וועלכער טראָגט אויך דעם נאָמען „תורת כהנים"; „ספרי", א פירוש צום במדבר און דברים.

די זאמלער פון די ווערק, ווי דער תלמוד באהויפטעט, זענען: פון דער מכילתא—ר'ישמעאל, פון ספרא—ר' יהודה בר אילעאי און רב (אבא בתירא), פון ספרי—ר' שמעון בן יוחאי.

די משנה ווערט איינגעטיילט אין זעקס הויפט-טיילן אדער סדרים (ששה סדרי משנה):

דער ערשטער סדר („זרעים"—זייאונגען) אנטהאלט די דינים, וואס האבן א שייכות צו פעלד-ארבייט און גארטן-ארבייט.

דער צווייטער סדר („מועד"—פייערונגען) נעמט ארום די דינים וועגן שבתים, ימים-טובים, תעניתים און כל המינים אנדערע פייערונגען.

דער דריטער סדר (נשים) איז א גרויסע זאמלונג פון געזעצן וועגן פאמיליען-לעבן (חתנות, גיטין און אז. וו.).

דער פערטער סדר („נזיקין"—שעדיגונגען) איז א פולשטענדיקער מלוכה'שאפטליכער געזעץ-קאדעקס (ציוויל-רעכט, קרימינאליסטיק געריכטס-וועזן, א. אז. וו.).

דער פינפטער סדר („קדשים"—הייליקייטן) באהאנדלט אלע דינים, וואס זענען נוגע דער עבודה אין בית המקדש און דעם ענין פון קרבנות.

דער זעקסטער סדר („טהרות"—רייניקונגען) אנטהאלט געזעצן וועגן רייניקונגען אין פריוואטן און געזעלשאפטליכן לעבן (אויך אן אפטיילונג וואס באהאנדלט די יסודות פון מעדיצין און היגיענע אין א מערקווירדיקן מאסשטאב).

דאס דאזיקע ווערק אבער, איז צונויפגעשטעלט מיט דער גרעסטער געניקייט און אן א קאמענטאר איז שווער דאס צו פארשטיין. בכן איז נאטירליך, אז מיט דער צייט זענען אויפגעקומען ספיקות און חילוקי-דעות, הן בנוגע צום עצם פשט פון דער משנה,

הן וועגן דעם אופן ווי אַנצואווענדן זי אין אַזעלכע פאַלן, וואָס זענען אין איר נישט געגעבן קלאָר באַשטימט.

די דאָזיקע אַלע ספיקות און זייערע פאַרשיידנאַרטיקע אויפקלערונגען, די חילוקי-דעות און זייערע אויסגלייכונגען (א) זענען סוף כל סוף געוואָרן צונויפגעזאַמלט און צונויפגעשטעלט דורך רב אשי (ב) און רבינא אין איין ווערק אונטערן נאָמען תלמוד בבלי.

די ערשטע אמוראים זענען געווען די תלמידים פון ר׳ יהודה הנשיא, וועלכע האָבן נאָך זיין טויט געגרינדעט שולן אין גליל יהודה אין בבל און יעדער האָט אָנגעהויבן צו דערקלערן די משנה אויף אַ באַזונדער אופן.

אָן דער שפּיץ פון די אמוראים, וואָס האָבן געפּאַרשט די משנה, אין דער צייט פון רבן גמליאל דעם דריטן, דער זון פון ר׳ יהודה הנשיא, איז געשטאַנען ר׳ חנינא בר חמא. דער הויפּט פירער פון די אמוראים, אין דער צייט פון ר׳ יהודה הנשיא, איז געווען ר׳ יוחנן בר נפחא.

ר׳ יוחנן בר נפחא, ווען ער איז נאָך געווען גאַנץ יונג, איז געזעסן אין ר׳ יהודה׳ס אַקאַדעמיע אין דער זיבעצעטער רייע פון די

(א) די אויסטייטשער און אויפקלערער פון דער משנה הייסן אמוראים. אַזעלכע זענען געווען אין ארץ ישראל און אין בבל. די וויכטיקסטע אַקאַדעמיעס זענען געווען אין בבל, אין סירא און פומבדותא.

(ב) דער גאוניאַלער רב אשי (370־427 נאָך דער אייראָפּעישער צייטרעכנונג) איז געווען רעקטאָר פון דער אַקאַדעמיע אין סורא, פאָרשטייער פון פערטן דור באַבילאָנישע אמוראים און האָט בלויז געלייגט דעם יסוד פון דער ריזן־אַרבייט פון תלמוד, וואָס אַנטהאַלט אַחוץ דעם קאָמענטאַטאָרישן טייל, נאָך אומגעהייערע אוצרות פאָלקס־עפּאָס, פאָלקלאָר, פאָלקס־פילאָזאָפיע, ידיעות פון געשיכטע און אַנדערע וויסנשאַפטן.

תלמידים און האָט זיך צוגעהערט ווי ר׳ יהודה הנשיא איז זיך מפלפל מיט זיין תלמיד אבא אריכא (רב) און ער, ר׳ יוחנן, האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

ר׳ יוחנן איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ חנינא בר חמא, ר׳ ינאי און ר׳ אושיעא. ער האָט געליטן גרוים נויט בעת ער האָט שטודירט. ער איז אפילו געצוואונגען געווען אויף אַ צייט אויפצוגעבן זיין לערנען און זיך באַשעפטיקן מיט מסחר. אָבער, ער האָט גיך דאָס אוועקגעוואָרפן און האָט זיך ווידער גענומען צום לערנען. כדי ער זאָל ווידער נישט זיין געצוואונגען זיך אָפּצורייסן פון לערנען, האָט ער פאַרקויפט זיין קליינע נחלה און האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן צום לערנען. ענדליך האָט ער געגרינדעט אַן אייגענע שולע אין טבריה. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען ר׳ יהודה הנשיא איז אַרויף אויפן שטול פון דער נשיאות און איז אַריבער וואוינען פון צפורי קיין טבריה.

ר׳ יוחנן איז געווען דער הויפּט גרינדער פון „תלמוד ירושלמי״. פאַר זיין צייט איז די משנה געווען ווי די תורה. ער האָט יעדן זאַץ פון איהר אַנאַליזירט און דערקלערט. דערביי האָט ער זיך זער אָפט באַנוצט מיט ברייתות און תוספתות. אין די ערשטע, וואו די משנה ברענגט פאַרשיידענע מיינונגען וועגן אַ געוויסער הלכה, האָט ער פעסטגעשטעלט געוויסע כללים ווי אַזוי מען זאָל זיך באַגיין און אַן וועלכער מיינונג מען זאָל זיך האַלטן.

דער תלמוד ירושלמי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן מיט דער הילף פון אַ גרויסער צאָל חכמים, וועלכע זענען געקומען נאָך טבריה אין זיין שול.

דער רמב״ם אין זיין הקדמה צו דעם פירוש פון משנה זאָגט:
„די חכמי ארץ ישראל האָבן געטאָן דאָס זעלבע וואָס רב אשי האָט

געטאָן. זיי האָבן געשריבן דעם תלמוד ירושלמי און ר׳ יוחנן איז דער מחבר״. אַזוי שרייבט אויך דער ראב״ד אין ספר הקבלה און ר׳ שמשון מקינון אין זיין ספר כריתות על כללי התלמוד (קושטא 1515). אָבער דער בעל „כפתור ופרח״ (פרק ט״ז דף ס״א) איז אין צווייפל מיט דער מיינונג און עס איז קיין ספק, אַז זיי מיינען צו זאָגן, אַז ר׳ יוחנן האָט נאָר אָנגעפאַנגען דעם תלמוד ירושלמי, אָבער ער האָט אים ניט געענדיקט, נאָר די שפּעטערע האָבן אים פאַרענדיקט.

דער תלמוד ירושלמי איז תמיד געווען אַ יקר המציאות, נישט נאָר פאַר דער דרוקעריי ערפינדונג, נאָר אויך דערנאָך. דאָ איז אַ קליינע ביבליאָגראַפישע רשימה, אָבער זי האָט אַ גרויסן אינהאַלט: פון דער צייט זינט מען האָט אָנגעהויבן דרוקן העברעישע ספרים ביז דעם יאָר תרכ״ו, היינו אין אַ משך פון נאָענט פיר הונדערט יאָר, איז דער תלמוד ירושלמי געדרוקט געוואָרן אינגאַנצן בלויז צוויי מאָל. דאָס ערשטע מאָל אין ווענעציא אין יאָר רס״ג, און דאָס צווייטע מאָל אין קראָקאָ אין יאָר שס״ט. דאָס הייסט אין אַ הפסקה פון מער ווי הונדערט יאָר. פון יאָר שס״ט ביז תרכ״ו, אין אַ משך פון צוויי הונ־דערט און זעכציק יאָר, האָט מען דעם ירושלמי אינגאַנצן נישט געדרוקט, נאָר באַזונדערע מסכתות אָדער עטליכע סדרים פון אים. (נאָר אין יאָר תרכ״ו-תרכ״ז איז דער ירושלמי אינגאַנצן געדרוקט געוואָרן גלייכצייטיק אין צוויי דרוקערייען, אין קראָטשין און אין זיטומיר). און אויף אַזאַ אופן, אין די פיר הונדערט יאָר וואָס אין זיי האָט געשטיגן דאָס לערנען פון תורה שבעל פה אין אַלע אידישע ווינקעלאך, איז דער תלמוד בבלי, צוליב דעם גרויסן פאַרלאַנג, אַ סך מאָל געדרוקט געוואָרן. אין דער זעלבער צייט האָט קיינער נישט נאָכגעזוכט און נאָכגעפאָרשט דעם תלמוד ירושלמי, ווארום דאָס ווינציקע דרוקן אים איז אַ קלאָרער באַווייז, אַז מען האָט אים ניט פאַרלאַנגט און דאָס איז אויך אַ באַווייז, אַז די לומדים האָבן אים באַזייטיקט, ווארום די רבנים און די ראשי ישיבות און די תלמידים און די בחורים און סתם בעלי בתים האָבן גאָרניט עוסק געווען אין

אים. און באמת דער וואס איז באקאנט מיט די רבנישע ליטעראטור פון די לעצטע הונדערטער יארן, איז אים קלאר, אז די גרעסטע גאונים פון אשכנז און פוילין דערמאנען דעם ירושלמי כמעט נישט אין זייערע ספרים, און אז זיי ברענגען א מאמר פון אים, איז דאס אמערסטענטייל א ציטאט פון א „כלי שני" פון די ספרים פון די ראשונים און צום מערסטן פון די ספרי חכמי ספרד (וועלכע האבן תמיד געלערנט דעם ירושלמי).

פארוואס איז דאס אזוי געווען? אזא היסח-הדעת קעגן דעם תלמוד ירושלמי און וואס איז די סיבה? ארץ ישראל איז דאך געווען טייער און הייליק צו די גלות אידן, און וואס איז געווען די סיבה וואס זיי האבן אזוי וויט פארלאזט די לערע פון ארץ ישראל? דאס לאנד איז דאך געווען דער געבורטס ארט פון תורה שבעל פה. די משנה, די תוספתא, מכילתא ספרא און ספרי, די אלע קומען דאך פון ארץ ישראל, ווארום די תנאים האבן געלערנט און אנדערע האבן אויך געלערנט זייער תורה נאר אין ארץ ישראל. און פארוואס איז אזוי גרינג געשעצט געווארן דער אפשאצונג פון דעם ירושלמי? די תורה פון די אמוראי ארץ ישראל? פארוואס האבן די חכמי התורה געווידמעט אמערסטנטייל אין די שפעטערע דורות זייער גאנצן כח נאר אין תלמוד בבלי און דעם תלמוד ירושלמי האבן זיי כמעט באזייטיקט?

כדי צו געפינען א ענטפער אויף די שטארקע פראגע וועלן מיר געבן א קורצן איבערבליק ווענן דעם אונטערשייד פון תלמוד בבלי און ירושלמי.

קודם כל, איז די משנה, ווי עס איז באקאנט, איינגעטיילט אין זעקס סדרים. דעם תלמוד בבלי האבן מיר נאר אויף פיר סדרים: מועד, נשים, נזיקין, קדשים. און אחוץ דעם, פון סדר זרעים מסכת ברכות און פון סדר טהרות, מסכת נדה, און תלמוד ירושלמי האבן מיר אויך אויף פיר סדרים: זרעים, מועד, נשים, נזיקין און עטליכע

פרקים פון מס׳ נדה. זעהען מיר, אז אויף דעם אָרט פון סדר קדשים פון תלמוד בבלי האָבן מיר סדר זרעים אין תלמוד ירושלמי, און אקעגן דעם איז נישטאָ קיין שום גמרא ירושלמי אויף דעם סדר קדשים, און אויך ניט צו די מס׳ חולין וועלכע איז אזוי באדערפטיק צו הוראה.

די חוקרים קלערן צי עס האָבן באמת ניט פאַרהאַנדלט די אמוראים פון ארץ ישראל און די אמוראים פון בבל נאָר אין די פיר סדרים משנה, אָדער זיי האָבן יאָ געלערנט און זיך מפלפל געווען אין די אלע זעקס סדרים, נאָר איבער פאַרשיידענע סיבות האָבן די לעצטע מסדרים פון תלמוד בבלי דורכגעלאָזט די גמרא פון די סדרים קדשים און טהרות. דאָס איז אַ שווערע שאלה וועלכע אַ סך חכמים האָבן וועגן איר אַרומגערעדט און זי ניט פאַרענטפערט.

דער גרויסער אונטערשייד פון די צוויי תלמודים (בבלי און ירושלמי) איז, די מסכתות וועלכע מיר האָבן פון תלמוד בבלי זענען אַלע גאַנצע. צו יעדער משנה איז דאָ איר שיעור גמרא, אָבער נישט דער תלמוד ירושלמי. מיר האָבן ניט פון אים קיין גאַנצע מסכתות. צו די לעצטע פרקים איז אינגאַנצן נישטאָ קיין גמרא, און אפילו די גאַנצע מסכתות וועלכע עס איז שוין יאָ דאָ גמרא צו יעדער משנה, איז די גמרא זעהר ווינציק. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אז די דריי בבות פון נזיקין: בבא קמא, בבא מציעא און בבא בתרא פון תלמוד בבלי אנטהאַלטען פיר הונדערט און צוואַנציק דפים און פון תלמוד ירושלמי אנטהאַלטען זיי נאָר אַכט און אַכציק דפים. די מס׳ בבא בתרא וועלכע איז די גרעסטע, איז אין תלמוד בבלי דאָ הונדערט זעקס און זיבעציק דפים. אין תלמוד ירושלמי איז ניט מער דאָ ווי זעקס און צוואַנציק דפים.

די גמרא בבלי איז געשריבן אין דעם לשון פון דער משנה תוספתא און די ברייתות און אַביסל דער אַראַמישער דיאלעקט פון

די אידן פון בבל, א דיאלעקט וועלכער איז זער נאָענט צו העברעיש. דער וואָס קאָן העברעיש קען דאָס דארום גאַנץ לייכט פאַרשטיין. די גמרא ירושלמי אָבער, איז געשריבן אין דעם אַראַמישן דיאַלעקט פון די אידן פון ארץ ישראל, וועלכער איז זעהר נאָענט צו דער סירי־שער שפראַך, אויסגעמישט מיט אַ סך פאַרגרייזטע גריכישע ווערטער און זעהר ווייט פון דער העברעישער שפראַך.

מיט דעם תלמוד ירושלמי אונטערשייד זיך דער תלמוד בבלי מיט זיין פאָלשטענדיקייט, סיסטעמאַטישער צונויפשטעלונג און אנאַ־ליטישער שאַרפקייט. די אָפּהאַנדלונגען פון תלמוד בבלי ווירקן תמיד אויפן מוח און וועקן אים. דער פאַרשטענדיקער לעזער קען אין אים נאָכפאָלגן יעדן געדאַנק פון זיינע רעגונגען אָן ביז דאָרט אהין וואו ער פאַרגייט זיך אין אַ קאָפּ־שווינדלענדער אומבאַגרייפליכער הויכ־קייט. דאָס פאָלק האָט דאריבער זיך ענגער צוזאַמענגעלעבט מיט דעם תלמוד בבלי ווי מיט דעם תלמוד ירושלמי.

רבינא בר הונא (467־500), פאַרשטייער פון זעקסטן און לעצטן דור אמוראים האָט, מיט דער הילף פון זיינע חברים פון דער אַקאַ־דעמיע, פאַרענדיקט און געשלאָסען דעם תלמוד בבלי, דאָס האָט גע־הייסן „חתימת התלמוד" (אָפּשלוס פון תלמוד) וואָס נאָכדעם טאָר מען קיין שום זאַך ניט אַראָפּנעמען און קיין שום זאַך ניט צוגעבן.

דאָס איז די פערטע תקופה פון דער אידישער געזעצגעבונג.

די פינפטע תקופה הויבט זיך אָן פון חתימת התלמוד און ציט זיך ביז היינטיקן טאָג. זינט חתימת התלמוד זיצן די רבנים אויף ניט ליידיק. אמת, עס איז שטרענג פאַרווערט עפּעס צו ענדערן אין דער משנה אָדער אין תלמוד, אָבער זיי האָבן נאָך גענוג אַרבייט־

אויסצוגלייכן די סתירות אין תלמוד גופא (ג) און פון דעם גאנצן לאבירנט, פארשיידענע מיינונגען פון די אמוראים, אויסטייטשונגען, חילוקי־דעות און אויסגלייכונגען ארויסצודרינגען כל המינים נייע דינים, וואס מ׳זאל קאנען אנווענדן פאר אלע פאלן.

דער תלמוד בבלי איז איבערגעזעצט געווארן אין אראביש (ווי דער ראב״ד שרייבט אין ס׳ הקבלה, הוצאת נייבויער, ערשטער חלק ז. 69) דורך יוסף׳ן אביתור אין צענטן יארהונדערט, לויט דעם פארלאנג פון כאליף אל חכים. די משנה און עטליכע מסכתות זענען געווארן איבערגעזעצט אין דער רוימישע שפראך אין 18 מסכתות, אין דער ענגלישער שפראך (ד). אין 1896 האט ל. גאלדשמיט אנגעפאנגען איבערצוזעצן דעם תלמוד אין דער דייטשער שפראך. י. מ. ראבינאוויץ האט איבערגעזעצט עטליכע מסכתות אין דער פראנצויזישער שפראך (פאריז 1873-9).

תורה שבעל פה איז ניט נאר די נשמה פון דער אומה, גיט אריין מוט און שטאלץ דעם אידישן פאלק און באשיצט אים פון אונטערגאנג, נאר זי איז אויך אן אונערשעפליכער קוואל פאר אנדערע פעלקער צו שעפן פון איר זייערע בעסערע אידעען.

---

(ג) פיל חילוקי־דעות צווישן די אמוראים זענען ניט אויסגעגליכן געווארן, פיל פראגן ניט פארענטפערט געווארן, און דער תלמוד מילדעט אליין אפן: די פראגע איז געבליבן ניט פארענטפערט, די חילוקי־דעות, אדער די סתירה, ניט אויסגעגלייכט.

(ד) זע געשיכטע דער תלמוד — איבערזעצונגען, ז. 28—56. פפד״מ 1899.

מאָראלישע און עטישע לערע ארויסגענומען פון תנ״ך און איבערגעגעבן געוואָרן צו אונז פון אונזערע חכמים, און דעם אופן אויף וועלכן די ניט־אידישע געלערנטע האָבן זיך וועגן דעם אויסגעשפּראָכן.

---

עשרת הדברות

| | |
|---|---|
| אנכי ה׳ | לא תענה |
| לא יהיה | לא תחמד |
| לא תשא | לא תרצח |
| זכור את | לא תנאף |
| כבד את | לא תגנב |

א יאָר קומט, א יאָר גייט אוועק, יאָר נאָך יאָר, עס קומען יובלות און עס גייען אוועק תקופות, יאָרהונדערטע נאָך יאָרהונדערטע, און די עשרת הדברות, וועלכע זענען געגעבן געוואָרן צו דער וועלט דורך דעם אידישן פאָלק, האָבן ניט פארלוירן, אפילו אויף איין האָר ניט, זייער ווערט, זייער באַדייטונג. זיי זענען איצט, אין אונזער יאָרהונדערט, אזוי וויכטיק ווי זיי זענען געווען אין דעם ערשטן טאָג וואָס זיי זענען באקאַנט געוואָרן, און דאָס איז, לויט דער מסורה, געשען נאָך איידער די אידן האָבן זייער לאַנד באקומען, נאָך איידער זיי זענען געוואָרן א נאַציאָנאַל־פּאָליטישע איינהייט. זיי זענען אויך איצט דער יסוד פון יעדער ציוויליזירטער געזעלשאַפט. זיי זענען נאָך עד היום א הייליגער אידעאַל צו וועלכער די מענשהייט האָט נאָך ווייט ניט דערגרייכט . . .

די מענשהייט לײדט זעהר פיל, צאַפּלט זיך אין איר אייגענער נעץ, פּלאָנטערט זיך און קען ניט הנאה האָבן פון גאָט'ס שײנער וועלט, באָד זיך אין איר אייגן בלוט, און טראָגט אויף אירע אָרימע פּלײצעס אַ באַרג מיט יסורים, שאַפט אירע שרעקונגס-געשפּענסטער, שדים און רוחות, וואָס פאַרפאָלגן איר אויף שריט און טריט און לאָזן זי ניט אָטעמען — און דאָס איז אַלץ דערפאַר וואָס זי האָט ניט אָנגענומען מיט דעם גאַנצן האַרץ די עשרת הדברות, וואָס זי האָט ניט אויפגענומען אין איר בלוט זייער גייסט . . .

די מענשהייט האָט אין דעם לעצטן יאָרהונדערט געפייערט קאָלאָסאַלע נצחונות. זי האָט נאָענט געמאַכט די ווייטקייט, האָט איינגענומען דעם שטח, האָט אויפגעדעקט פילע סודות. די מענשהייט איז באמת פיל, פיל עלטער ווי מיר האָבן געגלויבט. עס איז אַן אַלטע וועלט. די מענשהייט האָט זיך געשאַפן פליגל מיט וועלכע זי קען זיך אויפהויבן איבער די וואָלקנס. זי האָט באַזיגט די צייט, זי האָט אויסגעצויגן די רגע, די שעה, דאָס יאָר. דער מענש לעבט איצט לענגער, ער לעבט איצט דורך אין אַ יאָר מער ווי אַמאָל אין צען, אָדער אין פינף און צוואַנציק . . .

דער מענש לעבט איצט לענגער, ער לעבט פיבער פון זיין נשמה. עס בייטן זיך איצט די דערשיינונגען בליץ-שנעל. עס זענען כמעט איצט ניטאָ קיין פעסטע זאַכן, קיין פונדאַמענטאַלע באַגריפן. עס בייט זיך די צייט, עס בייט זיך די סביבה, דער געשמאַק, און עס בייטן זיך די אידעען. עס בייט זיך די צייט שנעלער ווי אַמאָל און ניט ווײניקער שנעל די סביבה. עס איז אַוועק די צייט ווען דער לעבענס-שטייגער איז געווען פאַרפונדעוועט, פאַרגליווערט און שווער צו ענדערן. עס איז איצט גאַנץ אַנדערש; פילעס וואָס איז געווען אַזוי זיכער, אַזוי קלאָר, אַזוי פעסט באַשטימט, שטייט איצט אונטער פראַגע צייכנס. די קריטיק איז שאַרף. זי שנייד מיט איר מעסער ביז אין ביין אַריין. עס איז איצט דאָ די הויכע קריטיק, און עס פעלט

ניט קיין נידריגע. מיט אַלעם דעם, איז ביז דעם היינטיקן טאָג גאַר־ נישט געמינערט געוואָרן פון דער וויכטיקייט, פון דער הייליקייט פון די עשרת הדברות . . .

עס פעלן נאַטירליך ניט קיין קריטיקער, אָבער די קריטיקער זוכן פלעקן אויף דער זון. עס מעגן זיין פלעקן, אָבער די זון בלייבט זון, זי ברענגט לעבן, פרייד און ליכט אויף דער וועלט . . . . דאָס איז ריכטיק מכח די עשרת הדברות, זיי זענען אַ ליכט־זייל אין דעם מענטש־ ליכן לעבן. זייער גייסט באַווייזט, אַז דער מענטש איז העכער פון דער חיה. זייער גייסט וועט דעם מענטשן, מיט דער צייט, פאַרוואַנד־ לען אין אַן אויבער־מענטש, אין אַ באַשעפעניש וואָס וועט זיין העכער פון דעם מלאך, אויף וועמען מען וועט קענען ממליץ זיין דעם „ותחסרהו" . . . .

עס איז נאָך גאַנץ ווייט דערפון. דער מענטש מיט זיינע פליגל איז נאָך צום באַרג סיני ניט דערפלויגן, כאָטש דער באַרג איז אַזוי נידריק. די עשרת הדברות זענען אָבער אַזוי הויך, אַזוי דערהויבן. דער היינטיקער מענטש, וואָס קלייבט אויף די עדעלסטע שטימע פון דער לופט, פון די ווייטע ווייטענישן, הערט נאָך ניט דעם „קול דממה דקה" — די געטליכע שטימע — וועלכע ווידער׳קול׳ט אין די דאַזיקע הייליקע צען געבאָט . . . .



## חנופה און ליצנות

לעולם יהא אדם תוכו כברו, ולא ידבר אחד בפה ואחד בלב, ויתרחק מהליצנות, ולא יחניף לאדם בעולם (סנהדרין נ״ב).

אמר רבי שמעון בן לוי, מאי דכתיב: „וחנפי-לב ישימו אף״ (איוב ל״ו י״ג) בשביל חנופה שחנפו לקרח על עסקי מחלוקת, חרק עליהם שר של גהינם שיניו.

א״ר אלעזר כל אדם שיש לו חנופה נופל בגיהינם, שנאמר: „הוי האומרים לרע טוב ולטוב רע״, וכתיב בתריה: „לכן כאכל קש לשון אש וחשש להבה ירפה שרשם כמק יהיה ופרחם כאבק יעלה כי מאסו את תורת ה׳ צבאות״ (ישעיה ה׳ כ׳ כ״ד).

אַ מענש זאָל תמיד זיין אינוועניק אזוי ווי אויסוועניק. ער זאָל ניט רעדן מיט׳ן מויל און אין הארצן זאָל ער אין זינען האָבן אנדערש. ער זאָל זיך דערווייטערן פון ליצנות און קיין שום מענש ניט חנפ׳נען.

רבן שמעון בן לוי זאָגט דאָס וואָס ער שטייט אין פסוק: „אָבער די זינדיקע אין הארצן לייגן אָן צאָרן״. (איוב ל״ו י״ג). צוליב די חנופה וואָס זיי האָבן גע׳חנפ׳ט צו קרח׳ן וועגן מחלוקות האָט דער שר פון גהינם געשאַרפט אויף זיי די ציין.

רבי אלעזר זאָגט, אז דער מענש וועלכער איז אַ חונף איז אין גהינם. ווי דער נביא זאָגט: „וויי די וואָס זאָגן אויף שלעכט גוט און אויף גוט—שלעכט . . . דארום, אזוי ווי די צונג פון פייער פאַרצערט שטרוי, און שפּריי צוקריכט אין אַ פלאַם, אזוי וועט זייער וואָרצל ווי אַ צעפוילונג ווערן, און זייער בליאונג וועט ווי שטויב אויפגיין; ווייל זיי האָבן פאַראַכט די תורה פון גאָט פון צבאות״. (ישעי׳ ה׳ כ׳ כ״ד).

לעולם יפרוש אדם מן החנופה לפי שהיא שקולה כנגד ע״א, ג״ע וש״ד.

אַ מענש זאָל שטענדיק זיך דערוויטערן פון חנופה. אויב ער טוט דאָס ניט איז גלייך ווי ער וואָלט זיין אַ געצענדינער און עובר געווען אוף ג״ע און ש״ד.

לעולם יפרוש אדם עצמו מן הליצנות שכל המתלוצץ עונשו גדול, שנאמר: „ועתה אל-תתלוצצו פן-יחזקו מוסריכם״ (ישעיה כ״ח כ״ב. עבודה זרה י״ח).

אַ מענש זאָל תמיד זיך דערוויטערן פון ליצנות. דער, וועלכער איז מיט ליצנות איז זיין פאַרברעכן גרויס, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „און אַצינד זאָלט איר ניט שפעטן, כדי אייערע בינדשטריק זאָלן ניט פעסטער ווערן״. (ישעיה כ״ח כ״ב. עבודה זרה י״ח).

לעולם יפרוש אדם מן הליצנות שכל המתלוצץ אין לו רפואה שנאמר: „ויהיו מלעבים במלאכי האלהים ובוזים דבריו ומתעתעים בנביאיו עד עלות חמת-ה׳ בעמו עד-לאין מרפא״. (ד״ה ב׳ ל״ו י״ו).

אַ מענש זאָל שטענדיק זיך דערוויטערן פון ליצנות. דער וואָס שפּאָט האָט קיינמאָל קיין הילף, אַזוי ווי עס שטייט: „אָבער זיי פלעגן שפעטן פון די שלוחים פון גאָט, און פאַראַכטן זיינע ווערטער, און זיך לוסטיק מאַכן איבער זיינע נביאים, ביז דער גרימצאָרן פון גאָט איז אויפגעגאַנגען אַקעגן זיין פאָלק, אַז קיין תרופה איז מער ניט געווען״. (ד״ה ב׳ ל״ו י״ו).

גדול ענשה של חנופה (א) שכל המחניף כאילו עובר על תורה שבכתב ותורה שבעל פה, שנאמר: „והארץ חנפה תחת יושביה כי-

---

(א) אל יאמר אדם אחניף לזה שיאכילני או שישקני או שיכסני וילבישני, כי רק לכבדו לפי ערכו צריך, ולא להחניפו, כמבואר בכלה רבתי פ״ד, וכן המכבד את חבירו לשם ממון סוף שנפטר ממנו בקלון, כמבואר באדר״נ פ׳ כ״ט.

עברו תורות חלפו חק הפרו ברית עולם״. תורה אין כתיב אלא תורות (ישעיה כ״ד ה׳).

גרוים איז די שטראָף פון חנופה. ווער עס איז א חונף איז גלייך ווי ער וואָלט ניט אָפּגעהיט תורה שבכתב און תורה שבעל פה, ווי דער נביא זאָגט: „און די ערד איז זינדיק אונטער אירע באַוואוינער, ווארום זיי האָבן עובר געווען אויף די לערנונגען, איבערגעטרעטן דאָס געזעץ, פאַרשטערט דעם אייביקן בונד״.

עס שטייט ניט „תורה״ נאָר „תורות״. דאָס מיינט תורה שבכתב און תורה שבעל פה (ישעיה כ״ד ה׳).



# שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע וועגן מאָראַל און עטיק.

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם גריכישן פילאָזאָף ביאס: „ווער איז דער גרעסטער חונף?" האָט ער געענטפערט: „די האָפנונג".

דער גריכישער פילאָזאָף דיאגענעס, ווען מען האָט אים געפרעגט וועלכע חיה רעה איז די געפערליכסטע (שעדליכסטע), האָט ער געענטפערט: „צווישן די אומגעבילדעטע איז דער רכילות־טרייבער דער געפערליכסטער, און צווישן די געבילדעטע איז דער חונף דער שעדליכסטער".

אויך האָט ער געזאָגט: „דער געפערליכסטער צווישן די מדבר חיות איז דער, וועלכער רעדט שלעכטס פאַרבאָרגענערהייט אויף זיין חבר, און דער געפערליכסטער צווישן די הויזליכע חיות איז דער, וועלכער חנפ'ט מיט זיין שיינעם לשון. די חנופה איז מיאוס צוליב צוויי טעמים: צוליב דער פאַלשקייט פון דעם וואָס חנפ'ט און דעם טייל גאוות פון דעם וואָס ווערט גע'חנפ'ט.

„דער וועלכער חנפ'ט דיך" — זאָגט אַן אַראַבישער געלערנטער — „זוכט דיין נפש און שטעקט אין דיין בויך אַ שווערד וואָס איז פאַרשמירט מיט זיסע זאַכן".

„חנופה" — זאָגט דער געלערנטער שארון — „איז ערגער ווי פאַלש עדות זאָגן; פאַלש עדות זאָגן איז גורם נאָר, אַז דער משפּט זאָל ניט אַרויסקומען ריכטיק, אָבער חנופה פאַרקרימט גערעכטיגקייט און צודרייט גאַנצקייט און יושר און פאַרדאַרבט דעם גאַנצן באַשאַף אין הימל און אויף דער ערד".

א סך שטאַרקע הערשער וועלכע האָבן געוועלטיקט איבערן פאָלק מיט אַן אייזערנער מאַכט און געשינדן די הויט פון זייערע אונטערטאַנען, האָבן אָפט אַזוי געהאַנדלט ווייל אַרום זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט פאַלשע מענשן, וועלכע האָבן מיט זייערע חניפות׳דיקע ווערטער איינגערעדט זייערע הערשער, אַז אַלץ וואָס זיי טוען איז גוט פאַר גאָט און פאַר לייט, אַז דאָס פאָלק איז גליקליך אונטער זייער הערשאַפט און, אַז זיי האָבן דאָס רעכט צו טאָן מיט דעם פאָלק וואָס זייער האַרץ גלוסט. פאַרשטייט זיך, אַז דער סוף פון אַזאַ פירונג איז, אַז דאָס פאָלק פאַרלירט דאָס געדולד, און פּרובירט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם אומדערטרעגליכן יאָך דורך אַ רעוואָלוציע; און עס גיסט זיך בלוט אין די גאַסן און דאָס לאַנד ווערט וויסט און לער, און די ערשטע קרבנות זענען טאַקע די חונפים אַליין.

יעדער מענש האָט ליב מען זאָל אים חנפ׳ענען, כאָטש ער ווייס, אַז דאָס וואָס מען זאָגט אויף אים איז אַ ליגן, און אַז מען שפּאָט גאָר פון אים.

דער געלערנטער טירינציוס האָט געזאָגט צו אַ חונף: „איך ווייס, אַז דיינע רייד זענען פאַלשע, פונדעסטוועגן זענען זיי מיר זיס און טייער; איך בעט דיך, רעד נאָך חניפות׳דיקע ווערטער צו מיר, וועל איך האָבן פאַרגעניגן״.

אַן אַנדער חכם האָט געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ אַ מענש וועלכער זאָל ניט וועלן מען זאָל אים חנפ׳ענען. ווען אַ פאַלשער מענש וויל חנפ׳ענען אַ מענש וועלכער האָט פיינט חנופה, לויבט ער אים אָן אַ שיעור, אַז ער האָט פיינט חנופה, און מיט דעם חנפ׳ט ער אים שוין.

דער וואָס חנפ׳ט יענעם באַמיט זיך צוערשט צו פאַרבלענדן די אויגן פון דעם גע׳חנפ׳עטן און דערנאָך געוועלטיקט ער איבער אים, אַזוי ווי אַ נאַכט רויבער, וועלכער פאַרלעשט צוערשט דאָס ליכט

וואס ברענט אין הויז, כדי ער זאל קענען דערנאך גנב'ענען וויפיל ער וויל.

דער געלערנטער אנטיסטהענעס האט געזאגט: „די פריינט פון דעם הערשער און זיינע חנפ'ענערס ווילן, אז ער זאל זיין זייער מושל פון אלעם גוטן, אבער ניט פון שכל און פארשטאנד".

חנופה איז אן איידעלע קונסט און דער גע'חנפ'טער וועט קיינמאל ניט מקבל פנים זיין יענעם וואס איז ניט קיין קינסטלער אין דעם.

טיבעריוס, דער רוימישער קייסער פלעגט פארמאכן זיינע אויגן: ווען ער פלעגט הערן חנופה ווערטער פון זיינע מיניסטארן, וועלכע פלעגן דאס טאן אומגעלומפערט. אויך אלעקסאנדער מוקדון, וועלכער האט אזוי זיך געיאגט נאך גאות, אז ער האט אזש געוואלט זיך מאכן פאר א גאט, האט ניט געקענט דולדן דעם חונף וועלכער האט ניט ריכטיק פארשטאנען ווי אזוי צו חנפ'ענען.

דער וואס איז א באוואוסטער שקרן, קען קיין חונף ניט זיין, ווארום דער וואס חנפ'ט מוז זיין אזעלכער וועלכער פארשטעלט זיך אין א מאסקע פון צדק און אמונה. אזא מענש איז טאקע א סך גע־פערליכער ווי דער שקרן און שווינדלער ווען מען קען פאר אזעלכן, ווארום אקעגן א שקרן קען מען זיך אפהיטן און זיך באשיצן, אבער אקעגן דעם חונף איז ניטא קיין חכמה און קיין עצה.



# השמח בחלקו — דער צופרידענער

לעולם יהא אדם שמח בחלקו ואז יהיה נאה ומעשיו נאים אדם אדם משבחין אותו ועל זה אשע"ה בחכמתו: „ושבחתי אני את-השמחה אשר אין-טוב לאדם תחת השמש כי אם-לאכול ולשתות ולשמוח והוא ילונו בעמלו ימי חייו אשר-נתן-לו האלהים תחת השמש" (קהלת ח' ט"ו) פי' שהשמחה בחלקו (א).

אַ מענש זאָל תמיד זיין צופרידן מיט זיין חלק. דאַן וועט ער זיך שיין אויפירן און מענשן וועלן אים לויבן, ווי עס שטייט אין פסוק: „און איך האָב געלויבט די פרייד, ווארום ניטאָ בעסערס פאַר'ן מענשן אונטער דער זון, ווי צו עסן און טרינקען און זיין פריילאך, און אַז דאָס זאָל אים באַלייטן אין זיין מי, דורך די טעג פון זיין לעבן וואָס גאָט האָט אים געשאַנקען אונטער דער זון". (קהלת ח' ט"ו).

לעולם יסלק בטחונו מבו"ד וישים בטחונו בהקב"ה, כי כל הבוטח על בשר ודם בטחונו הבל וריק שנאמר: „אל-תבטחו בנדיבים

---

(א) אדם יתנהג שיקנה לו מכל דבר מאכל אף שהוא חשוב ויקר פעם אחת בשנה ויאכל, כי האדם עתיד ליתן דין וחשבון על כל מה שראתה עינו ולא אכל, והובא בירושלמי סוף קידושין, כי ר' אליעזר הוי מצמצם ליה פריטי וקנה מכל דבר פעם אחת בשנה ואכל, וכן הט"ז באו"ח סימן רכ"ז הביא זאת להלכה, אך לא הוזכר שם דוקא פעם אחת בשנה, והביא שם בשם התשב"ץ דהטעם בזה הוא כדי להרבות בברכות.

אדם בלא אכילה ושתיה אין לו שמחה כמבואר במועד קטן ט'.

אדם לא יאמר לא אוכל בשר ולא אשתה יין ולא אשא אשה ולא אשב בדירה נאה ולא אלבוש מלבוש נאה, זה דרך רעה היא, ואסור לו לילך בזה הדרך, והמהלך בזה הדרך נקרא חוטא, וכן בכלל זה הוא אלו שמתענין תמיד כי הוא אינו דרך טובה וחכמים אסרו שיהא אדם מסגף את עצמו בתענית, ועל כל אלו הדברים וכיוצא בהם צוה שלמה, ואמר: „אל תהי צדיק הרבה ואל תתחכם יותר למה תשומם", כמבואר כל זאת ברמב"ם, וכן בשאר פוסקים, כללו של דבר שיתנהג האדם רק בדרך הממוצע.

בבן-אדם שאין לו תשועה: תצא רוחו ישב לאדמתו ביום ההוא אבדו עשתונותיו: „אשרי שאל יעקב בעזרו שברו על-ה' אלהיו" (תהלים קמ"ו, ג', ד', ה') וכתיב: „חדלו לכם מן-האדם אשר נשמה באפו כי במה נחשב הוא". (ישעיה ב' כ"ב): „בטחו בה' עדי-עד" (ישעיה כ"ו ד'): „ברוך הגבר אשר יבטח בה' והיה ה' מבטחו" (ירמיה י"ז ז').

אַ מענש זאָל האָפן צו גאָט און ניט צו מענשן, ווי עס שטייט: „איר זאָלט אייך ניט פאַרזיכערן אויף פירשטן, אויף אַ מענשנקינד וואָס ניטאָ ביי אים קיין הילף. גייט אוים זיין אָטעם, קערט ער זיך אום צו זיין שטויב, און יענעם טאָג גייען אונטער זיינע טראַכטונגען. וואויל צו דעם וואָס דער גאָט פון יעקב איז זיין הילף, וואָס זיין אוים-קוק איז אויף ה' זיין גאָט" (תהלים קמ"ו, ג', ד', ה'). פאַרמייט אייך פונ'ם מענשן וואָס אַ הויך איז אין זיין נאָז, ווארום וואָס איז ער גערעכנט?" (ישעיה ב' כ"ב). פאַרזיכערט אייך אויף ה' ביז אייביק" (ישעיה כ"ו ד'). „געבענשט איז דער מאַן וואָס פאַרזיכערט זיך אויף גאָט, און גאָט איז זיין פאַרזיכערונג!" (ירמי' י"ז ז').

לעולם יבטח אדם בהקב"ה במזונותיו ובפרנסתו ובכל עסקיו ובכל עניניו וישמח בחלקו ויהיה עיניו תלויות להקב"ה תמיד להטריפו להם חוקו בכל יום ויום ויעשה ק"ו מעורב ויאמר מה עורב שלא נברא לשמש קונו הקב"ה מזמין לו פרנסתו דכתיב: „מי יכין לעורב צידו כי-ילדיו אל-אל ישועו יתעו לבלי-אכל". (איוב ל"ח מ"א) אני שבראני הקב"ה לעבדו לא כ"ש.

אַ מענש זאָל זיך תמיד פאַרזיכערן אין גאָט וועגן פרנסה און זאָל שטענדיק זיין צופרידן מיט זיין פאַרמעגן. אַ מענש דאַרף זיך נעמען אַ ביישפיל פון דעם ראָב, ווייל דער ראָב איז ניט באַשאַפן געוואָרן צו דינען גאָט און דאָך גיט אים גאָט זיין פרנסה, ווי עס שטייט אין פסוק: „ווער גרייט אָן דעם ראָב זיין שפייז, ווען זיינע קינדער שרייען צו גאָט, ווען זיי וואַנדערן אום אָן עסן?" (איוב ל"ח, מ"א). אַ כל שכן איך וואָס איך בין באַשאַפן געוואָרן גאָט צו דינען.

גדול הנהנה מיגיעו יותר מיראת שמים, שביראת שמים כתוב: „אשרי כל־ירא ה׳ ההולך בדרכיו" (תהלים קכ"ח, א׳). ובמלאכה הוא אומר: „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך" (שם) אשריך בעולם הזה וטוב לך לעולם הבא (ברכות ח׳). ולא שרתה שכינה על משה אלא מתוך מלאכה, שנאמר: ומשה היה רועה" (שמות ג׳, א׳). וכתיב: „וירא מלאך ה׳" (שם).

גרויס איז דער מענש וועלכער לעבט פון זיין ערליכער ארבייט: „די מי פון דיינע הענט אז דו עסט, וואויל איז צו דיר, און גוט איז צו דיר" (תהלים קכ"ח). וואויל צו דיר אויף דער וועלט און גוט צו דיר אויף יענער וועלט (ברכות ח׳). און די שכינה האט גערוט אויף משה׳ן נאר דורך ארבייט, אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק: „און משה האט געפיטערט די שאף", און: „האט זיך באוויזן צו אים א מלאך פון גאט" (שמות ג׳).

גדולה מלאכה שכמה בריות ברא הקב"ה בעולמו ולא מסר מלאכה אלא בבני אדם בלבד, ושם איתא ר"ש ב"א וכן היה רבי מאיר אומר ראית מימיך ארי נושא משאות (סבל) דוב מייבש קציעות בשדה (קיץ) שועל חנוני או אחד מהחיות עושה מלאכה למה לא נתנה להם מלאכה לא מפני שהם טפלים אלא מפני שהמלאכה עדיפה.

גרויס איז די ארבייט. גאט האט באשאפן א סך באשעפענישן און האט ניט איבערגעגעבן די ארבייט צו זיי נאר צו מענשן.

גדולה מלאכה שכל הנביאים התעסקו בה (ב) ביעקב כתיב: „אשובה ארעה צאנך אשמר (בראשית ל׳ ל"א). מרע"ה: „ומשה היה

---

(ב) הנני מציין פה כמה תנאים ואמוראים שהיו בעלי מלאכות, ועובדי אדמה:

א. פנחס הסתת שהיה כהן גדול בבית שני היה חוצב אבנים עד יום שנתמנה לכהן גדול, ובעבור זה נקרא סתת, כדאיתא בספרי, ובת"כ בסדר אמור פ׳ כ׳ אמרו עליו שהיה עובד אדמה, ע"ש.

ב. הלל הזקן היה חוטב עצים, ובכל יום היה משתכר בטרפעיקא

רועה את־צאן יתרו חותנו" (שמות ג' א'). דוד ע"ה: „ויבחר בדוד עבדו ויקחהו ממכלאת צאן" (תהלים ע"ח, ע"א). עמוס: „ויען עמוס ויאמר אל־אמציה לא־נביא אנכי ולא בן־נביא אנכי כי־בוקר אנכי ובולס שקמים" (עמוס ז' י"ד).

גרויס איז די אַרבייט, וואָרום אַלע נביאים האָבן זיך מיט איר באַשעפטיקט. וועגן יעקב'ן שטייט געשריבן: „וועל איך ווידער פיטערן דיינע שאָף, און היטן" (בראשית ל' ל"א). וועגן משה'ן:

---

שהיא סלע מדינה שהיא חצי דינר, אזי חציו נתן לשומר בית המדרש וחציו היה לו לפרנסתו, ופרנסת אנשי ביתו, כמבואר ביומא דף ל"ה.

ג. שמאי היה בנאי, שהיה בונה בתים לאחרים בשכר, כדמשמע בגמרא שבת דף ל"א, ע"ש.

ד. אבא חלקיה היה חופר אדמה, ובזה היה מתפרנס, כמבואר להדיא בגמרא תענית דף י"ט, ע"ש.

ה. שמעון הפקולי היה עושה בצמר גפן שקורין פיקולא, ולזה כנוהו בשם פקולי, כמבואר ברש"י מגילה דף ט"ז, ע"ש.

ו. רבי יוחנן הסנדלר נקרא על שם אומנתו שהיה עושה סנדלרים, וכבר נודע מגודל חכמתו עד שבקטנותו סמכו ר' עקיבא, כמבואר ביוחסין אות יוד.

ז. רבי יוסי בן משולם ורבי שמעון בן מנסיא היו עוסקין במלאכה בקיץ, ובחורף בתורה, ויש אומרים שהיו משלשין היום, שליש לתורה, שליש לתפלה, ושליש למלאכה, כמבואר לעיל בשם קהלת רבה פ"ז.

ח. רבי מאיר היה בעל מלאכה שהיה לבלר והיה נקרא חכם וסופר, כמבואר בערובין י"ג ובסוטה ס"ז, ובירושלמי אמרינן רבי מאיר הוי כתבן טב והשתכר בכל שבוע ג' סלעין, אכל בחד, וסלע אחד לצורך מלבושים, וסלע שלישי נתן לרבנן ע"ש, והוא לא היה חפץ בעושר, ולכן אמר בשבת דף כ"ה איזהו עושר כל שיש לו נחת רוח בעשרו ששמח בחלקו, ע"ש.

ט. רבי יהודה כד אזיל לבי מדרשא שקל גולפא על כתיפיו, אמר, גדולה מלאכה שמכבדת את בעליה, כמבואר בנדרים ס"ט.

י. רבי יוסי בן חלפתא היה מעבד עורות, כדאיתא בשבת מ"ט, אמר ר' ישמעאל ב"ר יוסי אבא שלחא הוי וסתם ר' יוסי הוא ר' יוסי בר חלפתא, ור' יוסי בר חלפתא, חבר סדר עולם, כמבואר בנדה דף מ"ו.

יא. ר' יהושע בן חנניה שהיה לוי ומשורר, כדאיתא בערכין י"א, והיה אב"ד כמבואר בב"ק דף ע"ד, והיה גדול בבית הקיסר כמבואר בב"ר

„און משה האָט געפּיטערט די שאָף פון זיין שווער יתרו" (שמות ג' א'). וועגן דוד'ן: „און ער האָט אויסדערוויילט דוד זיין קנעכט, און אים גענומען פון די שאָפגעהעפטן" (תהלים ע"ח ע'). און וועגן עמוס'ן: „האָט געענטפערט עמוס און האָט געזאָגט צו אמציה'ן: „ניט קיין נביא בין איך, און ניט קיין זון פון אַ נביא בין איך, נייערט אַ פּאַסטוך פון רינדער בין איך און אַ צוריכטער פון ווילדע פייגן" (עמוס ז' י"ד).

---

פ' ס"ד ובילקוט פ' תולדות הוא היה מתפרנס בדוחק שהיה פחמי, כדמוכח בברכות כ"ה, אף שרבים מן המפרשים דחקו לפרש שלא היה פחמי ממש, ע"ש, אבל בירושלמי פ"ד דברכות ופ"ד דתענית מפורש בהדיא דהוי עביד מחטין, ובתשב"ץ איתא כי הוא מסתמא לא היה עושה מלאכתו בפרהסיא מפני שהיה אב"ד, ע"ש.

יב. רבי יצחק היה חרש ברזל, ולכן נקרא על שם מלאכתו נפחא, וכן ר' יוחנן בר נפחא, כמבואר בגמרא סנהדרין דף צ"ו, לדעת הרבה מהמפרשים, וע"ש ברש"י.

יג. רב אדא היה מודד קרקעות, ולכן נקרא על שם מלאכתו, רב אדא משוחאה, כמבואר בב"מ דף ק"ז.

יד. אבא הוי מקיז דם, ולכן נקרא על שם אומנתו, אבא אומנא, כמבואר בגמרא תענית דף כ"א, וכבר נודע מצדקתו וחסידותו והוי אתא ליה שלמא כל יומא ממתיבתא דרקיע, ע"ש.

טו. רבי אבין הוי נגרא, ונקרא על שם מלאכתו, רב אבין נגרא, כמבואר בגמרא שבת דף כ"ג, והוא אביהם של הני תרי גברי רברבי, רב אידי ורב חייא.

טז. רב חנינא ורב אושעיא היו עושים מנעלים, כמבואר בגמרא פסחים קי"ג, דרב חנינא ורב אושעיא דהוו אושכפי (סנדלרים) בארעא דישראל והוו יתבו בשוקא דזונות ועבדי להו מסאני ועיילו ומסיימי להו בכרעייהו ולא מדלי עינייהו לאסתכולי בהו כו'.

יז. רבי אבא בר זמינא היה תופר בגדים, כמבואר בירושלמי שביעית פ"ד הלכה ב'.

יח. רב פפא הוי שתלא, וכן רב ביבי בר אביי, כמבואר בב"מ ק"ט, וממהרש"א בחידושי אגדות מוכח שגם רב פפא היה עושה שכר.

יט. בר אדא סבולאה היה רועה בהמות בשכר כדאמרו בב"מ צ"ג.

כ. אבא הושעיא איש טרייא, היה בעל כובס, כמבואר בירושלמי פרק הגוזל בתרא הלכה י"א, וכן עוד הרבה מרבותינו בעלי התלמוד היו בעלי מלאכות, כמבואר בשו"ת תשב"ץ, ובשו"ת מהר"ם אלאשקר ת' י"ט,

גדולה מלאכה שלא שרתה שכינה בישראל עד שעשו מלאכה (ג) שנאמר: „וירא משה את-כל-המלאכה והנה עשו אותה כאשר צוה ה' כן עשו ויברך אותם משה" (שמות ל"ט מ"ג) ומה ברך אותם? אמר: יהי רצון שתשרה שכינה במעשי ידיכם וכן היה, שנאמר, והענן מלא את המשכן (אדר"נ פי"א).

גרויס איז די אַרבייט, ווארום די שכינה האָט פריער ניט גערוט צווישן דעם אידישן פאָלק ביז זיי האָבן געאַרבייט. אַזוי שטייט געשריבן: „און משה האָט געזען די גאַנצע אַרבייט, אַז זיי האָבן זי

ועיין בגמרא ברכות י"ז בד"ה מרגלא בפומייהו דרבנן דיבנה ע"ש. גם בראשונה כולם היו עובדי האדמה ולא דלת העם לבד התעסקו בה אך גם אצילי הארץ וחוריה גם הנסיכים והמלכים חרשו האדמה וישדדו תלמי שדותיהם ולגדעון בן יואש אבי העזרי מן חביטת חטיו קרא אותו ה' לשפוט את עמו ולהושיעם מיד שונאיהם. ושאול בן קיש המלך הראשון בישראל אחרי אשר משחהו ה' לנגיד על עמו עוד הלך אחר צמדו לעבוד עבודת שדהו. ולאלישע בן שפט ממחרשתו נלקח להיות נביא לעמו להטיף לבית יעקב. המלך עוזיהו היה אוהב עבודת האדמה. וגם אמרו ז"ל יעבוד אדם עבודה שהיא זרה לו ואל יצטרך לבריות, כמבואר זאת בפסחים קי"ג, ובב"ק ק"י, ובש"ע סימן רנ"ה.

ואיתא ברמב"ם בהלכות תלמוד תורה כל המשים על לבו שיעסוק בתורה ולא יעשה מלאכה ויתפרנס מן הצדקה הרי זה חלול השם ובזה את התורה וכבה מאור הדת וגרם רעה לעצמו כו'.

(ג) גרסינן סנהדרין דף כ"ט שב שני הוי כפנא ואבבא דאומנא לא חליף, היינו על פתח מי שיודע אומנות ובעל מלאכה לא עבר הרעב, בבראשית רבה בפרשה ע"ד איתא ר' ירמיה אמר חביבה היא המלאכה מזכות אבות שזכות אבות הצילה ממון ומלאכה הצילה נפשות, זכות אבות הצילה ממון, שנאמר, לולי אלהי אבי אלהי אברהם ופחד יצחק היה לי כי עתה ריקם שלחתני, ומלאכה הצילה נפשות, שנאמר, את עניי ואת יגיע כפי ראה אלהים ויוכח אמש, באבות דר"נ פי"א ר"י בן בתירא אומר מי שאין לו מלאכה לעשות מה יעשה, אם יש לו חצר חרבה או שדה חרבה ילך ויתעסק בה, ועוד איתא שם ר"ש בן אלעזר אומר אף אדם הראשון לא טעם כלום עד שעשה מלאכה, שנאמר, ויניחהו בגן עדן לעבדה ולשמרה והדר מכל עץ הגן אכל תאכל, ר' עקיבא אומר אף הקב"ה לא השרה שכינתו על ישראל עד שעשו מלאכה, שנאמר, ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם.

געמאכט; אזוי ווי גאָט האָט באַפוילן, אזוי האָבן זיי געמאכט; און משה האָט זיי געבענשט". (שמות ל"ט מ"ג). און מיט וואָס האָט ער זיי געבענשט? ער האָט געזאָגט: „די שכינה זאָל רוען אין אייער אַרבעט, „און אזוי איז עס געווען, ווי עס שטייט: און דער וואָלקן האָט אָנגעפילט דעם משכן.

גדול השמח בחלקו והמתפרנס ממלאכתו. שבמדה טובה הזאת ניצל מכמה עבירות: מן הקנאה, והחמוד ומן הגניבה והגזל.

גרויס איז דער מענש, וועלכער איז צופרידן מיט זיין חלק, און שפּייזט זיך פון זיין אַרבעט, ווארום דורך דער דאָזיקער גוטער מדה ווערט ער ניצול פון אַ סך עבירות: פון קנאה, גלוסטונג, גניבה און גזילה.

„ווער קען זיך רעכענען פאַר אַן עושר?" — פרעגט דער תנא בן־זומא — און ער ענטפערט: „ווער עס איז צופרידן מיט זיין טייל (אבות פ"ד משנה א') ווייל דער מענש דאַרף זיך באַנוגענען מיט דאָס וואָס ער פאַרמאָגט. און ווי אַ צוגאָב צו דער דאָזיקער לערע איז וואָס ר' עקיבא האָט געזאָגט: „דער מענש זאָל מאַכן זיינע שבתים ווי וואָכן־טעג, אַבי ער זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו מענשן'ס גאָב" (שבת דף קי"ח ע"ב).

כדי אָנצוהאַלטן די צופרידענקייט פונ'ם מענשן איז נויטיק אים צו לערנען, אַז ער זאָל ניט זיין קיין פרעסער (ב"מ צ"ב ע"א). דערביי האָבן די חכמים געוואָלט, אַז דער מענש זאָל זיך פאַרגינען יעדן דערגרייכבאַרן און דערלויבטן גענוס פונ'ם לעבן, ווי עס איז ביי אַן אַנדער געלעגנהייט געזאָגט געוואָרן אויפ'ן נאָמען פון רב (אבא אריכא): „יעדער מענש וועט דאַרפן אָפּגעבן חשבון אויף יענער וועלט פון אַלעמען, וואָס דאָס אויג זיינס האָט געזען און ער האָט עס ניט גענאָסן, כאָטש ער האָט עס געקענט געניסן". (ירושלמי קדושין פרק ד' הלכה י"ב).

# שפרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע

# וועגן מאָראַל און עטיק.

דער גריכישער פילאָזאָף פיטאק האָט געזאָגט: „באַדענק דיך וועגן דעם אומגליק איידער ער קומט. אויף אַזאַ אופן וועסטו זיך רעטן פון אים; דאָך אָבער, טראָג איבער מיט געדולד דעם אומגליק, וואָס דו קענסט ניט אויסמיידן.

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם באַרימטן חכם אנאקסאגאָראס: „ווער איז דער גליקליכסטער אין דער וועלט?" האָט ער געענטפערט: „ניט יענע מענשן וואָס מען מיינט אַז זיי זענען גליקליך. צווישן זיי וועט מען נישט געפינען איינעם אַ גליקליכן, נאָר גראָד וועלכע ווייזן זיך אויס צו זיין אומגליקליך".

אַ געוויסער שלעכטער מענש האָט אַמאָל סאָקראַטעס'ן גע־קרענקט מיט זיינע רייד כדי אים בייז צו מאַכן, פרעגענדיק אים פאַר־וואָס ער איז אַזוי אָרעם, פאַרוואָס ער עסט אַזוי שלעכט און טראָגט אַזעלכע פּראָסטע קליידער, האָט סאָקראַטעס אים געענטפערט: „דו ביזט אַ שונא דיין אייגענעם נפש מיט דעם וואָס דו דענקסט, אַז דעם מענשן'ס גליק איז רייך צו זיין און צו לעבן אין תענוגים. איך זאָג דיר, אַז איך, אין מיין אָרימקייט, בין פיל גליקליכער פון דיר, ווייל וואָס דער געברויך פון אַ מענשן איז ווייניקער, אַלץ נענטער איז ער צו געטליכע מעלות".

סאָקראַטעס'עס הויפט לערע איז געווען מען זאָל מורא האָבן פאַר גאָט און אים אָפּגעבן כבוד. איבערהויפט פלעגט ער זיינע תלמידים וואָרנען, אַז זיי זאָלן געדולדיק זיין און זאָלן זיך באַנוגענען מיט וויפיל זיי האָבן; זיי זאָלן זיך אָפּהאַלטן פון תאוות און פון

איבריקע זאכן, ווייל דורך די זאכן איז מען קיינמאל ניט משיג דעם אמת׳ן גליק.

דער גריכישער פילאזאף אריסטיפוס (איינער פון סאקראַטעס׳עס תלמידים) פלעגט זאָגן: „ניט די פרייהייט, די עבדות, דאָס עשירות, דאָס אָרימקייט, אויך ניט דער יחוס און ניט די שפלות זענען די סבות פון דעם מענשן׳ס גליק און פון דעם מענשן׳ס אומגליק, ווייל אין יעדן שטאנד, קען זיך דער מענש גליקליך שעצן און רואיק לעבן״.

ביאן האָט געזאָגט: „דער גרעסטער אומגליק פאַר אַ מענש איז ווען עס איז אים שווער צו פאַרטראָגן יעדן מין אומגליק.

דער חכם סענעקא גלייכט די מענשהייט צו אַ שטיינערנעם בנין וואָס יעדער שטיין האַלט זיך און פאַרפעסטיקט זיך איינער צום צווייטן. יעדע חברה, יעדע עדה, יעדער שבט, יעדע משפחה און אויך יעדער איינצעלנער פּערזאָן, איז מחויב צו העלפן אויפבויען דעם בנין. דער מענש וועלכער טוט גאָרניט פאַר דעם טובת הכלל איז אַזוי ווי אַ זעקסטער פינגער אין האַנט אָדער אין פוס, וואָס ס׳איז בעסער אים אָפּצושניידן איידער אים איבערלאָזן. די אַלגעמיינע פאַראייניגונג דאַרף זיין אַזוי ווי אַ בינען-נעסט, וואו די בינען מאַכן האָניג כדי צו דערנערן אַלעמען, און די בינען וועלכע טוען גאָרניט, נאָר עסן דעם האָניג, ווערן פאַרטריבן פון דעם נעסט.

„פוילקייט״, זאָגט אַ חכם, „איז אַ קראַנקהייט פון דעם קערפּער און דער נשמה. פלייסיקייט און די שנאה צו פוילקייט איז איינע פון די טייערסטע מדות ביי דער ציוויליזירטער וועלט״.

קסענאפאָן זאָגט, אַז פוילקייט האָט קיינמאָל געבראַכט גוטס אויף דער וועלט. פוילקייט איז די מאַמע פון אַלע פאַרברעכנס.

„די שווערסטע משא פאר א מענש", זאגט דימוקריטס, איז עצלות און דער מענש וועלכער ליגט אונטער איר ווערט אים פאר־מיאוס'ט דאס לעבן".

„די הענט ביי א עצל", זאגט פיצולידס, „זענען באשאפן געווארן נאר צו גנב'ענען". אויך זאגט ער: „ארבייט איז די מנוחה פון צדקת און לוידיקגיין איז די ארבייט פון רשעות".

„די גרעסטע יגיעות וואס דער מענש האט", זאגט דער חכם ביון, „קומט צו דעם מענש וועלכער וויל גאר קיין יגיעה נים האבן".

ווען עס איז פארבייגעגאנגען א טאג אין וועלכן דער קעניג טיטוס האט נים געטאן עפעס גוטס פאר זיין פאלק, האט ער געזאגט: „וועה געשריגן אויף דעם טאג וואס איך האב פארלוירן און וועל אים שוין קיינמאל נים געפינען".

קאטון זאגט: דער פוילער און דער פלייסיקער זענען טויטליכע פיינט איינער דעם אנדערן. דער פלייסיקער וויל, אז די צייט זאל זיין לענגער כדי ער זאל טאן זיין ארבייט, און דער עצל וויל פאר־ברענגען זיין צייט מיט פאלשע רייד כדי דערמיט אוועקצו'הרג'ענען און פארקורצן די צייט וועלכע איז פאר אים לאנג".

סענעקא זאגט: „מען קען פארברענגען די צייט מיט דברי שעשועים אבער מיט דעם תנאי עס זאל עפעס העלפן".

לויט'ן גריכישן געזעץ, וואס סאלאן האט איינגעפירט, איז יעדער בירגער פון אטענס געצוואונגען געווען איבערצוגעבן א לוידיק־גייער צו דער רעגירונג כדי ער זאל באשטראפט ווערן.

ביי די גימנאסאפיסטן איז געווען איינגעפירט, אז זיי האבן נים געגעבן עסן צו דעם מענש וועלכער האט נים געגעבן קיין דין און חשבון פון זיין ארבעט דורך'ן טאג.

„דער שאָדן פון פוילקייט און דער פאַרלוסט פון ליידיק־ארומגיין", — זאָגט דעמאָסטענעס, — „ווערט ניט דערקענט באַלד פון יעדער זאַך, נאָר אין דעם סך הכל פון אַ סך זאַכן אין אַ לאַנגער צייט".

שלעכט און ביטער איז דאָס לעבן פון דעם בעל מקנא. אומעטום, וואו ער קערט זיך, טוען אים זיינע אויגן וויי ווען ער זעט גוטס ביים צווייטן. די הצלחה פון זיין פריינט פאַרביטערט אים דאָס לעבן און ער דערנידעריקט דעם כבוד פון זיין פריינט. וואָס מער זיינע פריינט ווערן גרויס, אַזוי גייט ער טיפער צום גרוב. ער רוט ניט ביטאָג און ביינאַכט און אַלע זיינע טעג זענען פול מיט ווייטיק.

סופוקלס האָט געזאָגט: „דער וועלכער איז מבזה און מאַכט קליין גרויסע מענשן, זעט זיך אוים ווי ער טוט קיינעם קיין שלעכטס, ווייל ער ווייס, אַז אַלע וועלן מסכים זיין צו זיינע רייד; ווארום וועלכער מענש האָט עס ניט פיינט דעם צווייטן ווען ער זעט, אַז יענער איז אַ בעל מצליח?"

קווינטיליון האָט געזאָגט: „צווישן דעם בעל מקנא און דעם שלעכטן איז ניטאָ קיין אונטערשייד, ווארום דער בעל מקנא וועט אויך יענעם שלעכטס טאָן ווען ער וועט נאָר האָבן די געלעגנהייט דאָס צו טאָן".



# כ ע ס

לעולם יהא אדם קשה לכעוס (א) ונוח לרצות. א"ר יונתן כל הכועס כל מיני פורעניות של גיהנם שולטין בו, שנאמר: „והסר כעס מלבך והעבר רעה מבשרך" (קהלת י"א י'), ואין רעה אלא גיהנם, שנאמר: „כל פעל ה' למענהו וגם-רשע ליום רעה" (משלי ט"ז ד', נדרים דף כ"ב).

תמיד זאָל אַ מענש זײַן שווער צו ברענגען אין כעס און עס זאָל גרינג זײַן אים איבערצובעטן. אַלע אומגליקן פון גיהנם געוועלטיקן איבער אים וואָס ווערט שנעל אין כעס, ווי קהלת זאָגט: „און טו אָפּ ערגעריש פון דײַן האַרצן, און האַלט אָפּ בייז פון דײַן לײַב" (קהלת י"א י'), און בייזקייט איז נאָר דער גיהנם, אַזוי ווי עס שטייט: „אַלץ האָט גאָט געמאַכט פאַר זײַן צוועק, און אויך דעם רשע פאַר'ן טאָג פון בייז" (משלי ט"ז ד', נדרים דף כ"ב).

---

(א) אדם ניכר אם הגון הוא בשלשה דברים, בכוסו, בכיסו, ובכעסו, היינו בכוסו, אם דעתו מיושבת עליו ביינו, בכיסו, היינו אם נותן ונושא באמונה, בכעסו, אם אינו קפדן יותר מדאי כמבואר בעירובין דף ס"ה, וכן אדם ניכר בשלשה דברים, בקול, במראה, ובדעת, כמבואר פירושו בגמרא סנהדרין דף ל"ה.

אדם ע"פ דרך הטבע יורש מאביו חמשה דברים, נוי וכח, ושנים, ועשרו וחכמתו, כמבואר באריכות בזה בפירוש הרמב"ם בעדיות פ"ב.

יזהר שלא יהא רחמן יותר מדאי או רתחן יותר מדאי, או איסטניס יותר מדאי כי חייו אינם חיים מטעם כי בשלשה דברים הללו האדם תדיר בהם כל שעה, וכיון דהוא מקפיד עליהם יותר מדאי אין חייו חיים שאין לו מנוחה, כמבואר בפסחים קי"ג. ועי' בפתח עינים מהג' אזולאי בביאור על העין יעקב האריך בזה והעלה דאם באדם אחד יש בו שלשה דברים האלה ביחד לית לן בה דשלשתן מבטלות זה את זה.

לעולם ישתדל אדם לפרוש מן החמה ומן הכעס שכל הכועס כאלו עע״א שכך הוא אומנתו של יצר הרע היום אומר לך עשה כך ולמחר יאמר לך עבוד ע״א (שבת ק״ה).

אַ מענש זאָל זיך שטענדיק איינהאַלטן און זיך אָפּשיידן פון כעס. דער וועלכער ווערט אין כעס, איז אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ געצן־דינער (שבת ק״ה).

גדול המעביר על מדותיו ואינו כועס, שהקב״ה אוהב אותו ושומע תפלתו דתניא שלשה הקב״ה אוהבן, מי שאינו כועס, מי שאינו משתכר, ומי שאינו עומד על מדותיו.

גאָט האָט ליב דעם מענש וועלכער ווערט ניט אין כעס און ער הערט זיך צו צו זיין געבעט.

גדול המעביר על מדותיו ואינו כועס שכל הכועס נקרא רשע שנאמר: „רשע יראה וכעס שניו יחרק ונמס תאות רשעים תאבד״ (תהלים קי״ב י׳).

דער, וועלכער ווערט אין כעס, ווערט אָנגערופן רשע, אַזוי ווי עס שטייט אין פּסוק: „דער רשע וועט זען און זיך ערגערן, זיינע ציין וועט ער קריצן און וועט צוגאַנגען ווערן; דער באַגער פון די רשעים וועט אונטערגיין״. (תהלים קי״ב י׳).



# שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע וועגן מאָראַל און עטיק.

דער גריכישער געזעצנגעבער סאָלאָן האָט געזאָגט: „די גרעס־טע נקמה וואָס מען קען האָבן אין אַן אומרעכט, איז אַז מען זאָל עס פאַרגעסן".

אַנטיסטענעס פלעגט זאָגן, אַז דער ראָב (עורב) שטייט בײַ אים העכער ווי דער וואָרים פון קנאה, ווייל דער ראָב עסט נאָר דאָס פלייש פון פגרים, אָבער דער וואָרים פון קנאה עסט דאָס פלייש פון די לעבעדיקע.

„דער חכם" — זאָגט עפּיקור — „ווען זיין הארץ איז פאַר־טרויערט הערענדיק ווי מען שענד אים פאַר אַלעמען, און ער האַלט זיך איין ניט צו ווערן בייז, איז ער אַ גבור. די חכמה איז אַזוי ווי אַ פעסטונג וועלכע באַשיצט אים פון ווערן אין כעס און פאַרשאַפן אים שמערצן".

„דער אָנפאַנג פון כעס" — זאָגט אַ באַוואוסטער חכם, — „איז דאָס נאַרישקייט, און די ענדע איז די חרטה".

דער חכם מינאַנדרוס האָט געזאָגט: „דער גרעסטער צדיק פון דער וועלט איז דער וועלכער קען זיך איינהאַלטן און איבער־טראָגן די זינד פון אַנדערע קעגן אים און זוכט ניט נקמה צו נעמען פון זיי".

די תלמידים פון פיטאַגאָראַס זענען געוואוינט געווען, פאַר שלאָפן גיין, אָדער פאַר זון אויפגאַנג, צו געבן זיך די הענט אַלס אַ

באוויין, אַז זיי זענען זיך מוחל אויב איינער איז באַגאַנגען אַ זינד אַקעגן דעם צווייטן.

דער געלערנטער יובנאַל האָט געזאָגט: „נקמה פאַרשאַפט נאָר פאַרגעניגן דעם קליינעם, אומוויסענדן מענש".

פילימון זאָגט, אַז דער, וועלכער פאַרגיט דעם פאַרברעכער וועלכער איז קעגן אים באַגאַנגען אַ זינד, צווינגט מיט דעם, דעם פאַר־ברעכער חרטה צו האָבן אויף זיינע זינד.

„אַ מענש מיט אַ שוואַכער נשמה" — זאָגט אַ געלערנטער — „קען מלחמה האַלטן, קען מנצח זיין, אָבער ער קען ניט פאַרגעבן".

אַריסטאָטעל האָט געזאָגט, אַז אַמאָל קען דער כעס זיין אַ כלי־זיין פאַר מוסר און גערעכטיקייט; נאָר סענעקא און אויך מונטיין ענטפערן אים: „אַ משונה׳דיקן כלי־זיין זען מיר אין דעם, ווייל כלי־זיין האַלטן מיר אין די הענט, און דער כלי־זיין האַלט אונז אין זיינע הענט".

פונדעסטוועגן איז פאַראַן כעס וואָס אויסער דעם וואָס ער איז ניט איבעריק איז ער אויך נויטיק. ווען מיר זען מענשן וועלכע באַגיין אַ פאַרברעכן, דאַן דאַרף דער בעל המדות זיך ניט איינהאַלטן פון אויסגיסן זיין כעס אויף די פאַרברעכערס. דערפאַר זאָגט מען: „דער חכם ווערט דערקענט ווען ער איז אין כעס און אויך ווען ער איז ניט אין כעס".



# תלמוד תורה — (לערנען)

לעולם ימעט אדם בעסק ובסחורה ויקבע עתים לתורה (א) לפי שבשעת פטירתו של אדם אין מלוין לו לא כסף ולא זהב אלא תורה ומעשים טובים.

א מענש זאָל תמיד באשטימען פאַר זיך צייטן צום לערנען. ווען דער מענש גייט אַוועק פון דער וועלט, נעמט ער נים מיט מיט זיך גאָלד און זילבער, נאָר לערנען און גוטע מעשים.

לעולם ישתדל אדם ללמוד תורה ודרך ארץ כדי שיהיה אהוב למעלה ונחמד למטה.

א מענש זאָל זיך שטענדיק באַמיען לערנען תורה און דרך ארץ, דערפאַר וועט ער זיין געליבט ביי גאָט און ביי מענשן.

לעולם ישתדל אדם ללמוד תורה ואם אין לו בעיר רב שילמד ממנו ילך לעיר אחרת שרב מצוי בה וילמד ממנו ולא יחוש לטלטלו.

---

(א) אדם שאינו יכול ללמוד מפני שלא למד בקטנותו כלל או שאין טבעו מסוגל ללימוד בשלמות או שהוא טרוד ושכח לימודו אזי הוא פטור מקביעת עתים אך יעסוק במשא ומתן ויספיק לתלמידי חכמים והוי כלומד וחולק עמהם בשכרן ויכול להתנות עם חבירו שילמוד והוא יפרנסו ויחלוקו בשכר, ואם כבר למד אינו יכול למכור חלקו אפילו חלק כל שהוא בממון, כמבואר בש״ע יו״ד סימן רמ״ה ורמ״ו, ע״ש, וכן אף שמספיק לתלמידי חכמים כנ״ל מ״מ ילך בכל יום מעט לבית המדרש ושכר הליכה בידו או יקבע לו מקום ולומד מעט ביום או בלילה במה שיודע בין שהוא בעל משא ומתן ובין שהוא בעל מלאכה ואפילו חולה, וכשיש לו שעה פנויה לומד בנאות לשכלו בלשון הקודש או בלשון לעז, והעיקר שילמד ליראה את ה׳ ולשמור מצותיו, ולזה תקנו מעמדות אחר התפלה שיזכה כ״א באיזה למוד תנ״ך ותורה שבע״פ הלכות ואגדות.

אַ מענש זאָל זיך תמיד באַמיען לערנען תורה. אויב עס איז ניטאָ קיין רבי אין זיין שטאָט, וועלכער זאָל מיט אים לערנען, זאָל ער פאָרן אין אַ צווייטער שטאָט צו אַ רבין.

לעולם אל יפטר אדם מחבירו אלא מתוך הלכה שמתוך כך זוכרהו.

אַ מענש זאָל זיך שיידן פון זיין חבר מיט לערנען, וועט ער אים געדענקען.

לעולם ישתדל אדם לעשות לו רב ללמוד תורה ממנו דתנן עשה לך רב וקנה לך חבר.

אַ מענש זאָל זיך תמיד שאַפן אַ רבי צום לערנען, ווייל מיר האָבן געלערנט: שאַף דיר אַ רבי און קויף דיר אַ חבר.

לעולם יקבע אדם מקום לתלמודו. א״ר שמעון בן יוחאי כל הקובע מקום לתורתו אויביו נופלין תחתיו, שנאמר: „ושמתי מקום לעמי לישראל ונטעתיו ושכן תחתיו ולא ירגז עוד ולא-יסיפו בני-עולה לענותו כאשר בראשונה״. (שמואל ב׳ ז׳ י׳).

אַ מענש זאָל שטענדיק באַשטימען אַן אָרט צום לערנען. ר׳ שמעון בן יוחאי האָט געזאָגט, אַז ווער עס באַשטימט זיך אַן אָרט צום לערנען, פאַלן זיינע פיינט אונטער אים, אַזוי ווי גאָט האָט גע־זאָגט צו נתן הנביא ער זאָל זאָגן דוד׳ן: „און איך וועל מאַכן אַן אָרט פאַר מיין פאָלק, פאַר ישראל, און וועל אים איינפלאַנצן, ער זאָל רוען אויף זיין אָרט, און מער ניט ציטערן; און פאַרברעכער זאָלן אים מער ניט פייניקן אַזוי ווי צוערשט״. (שמואל ב׳ ז׳ י׳).

לעולם ילמד אדם תורה מה שחפץ, שנאמר: „כי אם-בתורת ה׳ חפצו״ (תהלים א׳ ב׳, עבודה זרה י״ט).

אַ מענש זאָל לערנען דאָס וואָס ער וויל, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „נייערט צו דער תורה פון גאָט איז זיין באַגער" (תהלים א׳ ב׳, עבודה זרה י״ט).

לעולם ילמד אדם תורה ואח״כ יהגה בה. (ברכות ס״ג).

אַ מענש זאָל צוערשט לערנען תורה, און דערנאָך דענקען וועגן איר. (ברכות ס״ג).

לעולם ישתדל אדם ללמוד תורה ביום ולשנותה בלילה, וכל הקורא תורה ביום ושונה אותה בלילה הקב״ה מטה עליו חוט של חסד, שנאמר: „יומם יצוה ה׳ חסדו ובלילה שירה עמי". (תהלים מ״ב ט׳, חגיגה י״ב).

אַ מענש זאָל לערנען בייטאָג און איבער׳חזר׳ן ביינאַכט, דער, וועלבער טוט דאָס, טוט גאָט מיט אים חסד, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „בייטאָג באַפעלט גאָט זיין חסד, און ביינאַכט איז זיין געזאַנג מיט מיר". (תהלים מ״ב ט׳, חגיגה י״ב).

לעולם ישלש אדם שנותיו, שליש במקרא, שליש במשנה, שליש בגמרא, אר״ל דבר זה כתוב בתורה ושנוי בנביאים ומשולש בכתובים, שכל העוסק בתורה נכסיו מצליחין. כתוב בתורה: „ושמרתם את־דברי הברית הזאת ועשיתם אותם למען תשכילו את כל־אשר תעשון". (דברים כ״ט ח׳). שנוי בנביאים: „לא ימוש ספר התורה הזה מפיך והגית בו יומם ולילה למען תשמר לעשות ככל־הכתוב בו כי־אז תצליח את־דרכך ואז תשכיל", (יהושע א׳ ח׳). משולש בכתובים: „כי אם־בתורת ה׳ חפצו ובתורתו יהגה יומם ולילה: והיה כעץ שתול על־פלגי מים אשר פריו יתן בעתו ועלהו לא יבול וכל אשר־יעשה יצליח". (תהלים א׳, ב׳, קדושין ל׳, עבודה זרה י״ט).

אַ מענש זאָל אייביק צוטיילן זיין לעבן אין דריי טייל. אַ דריטל יאָר זאָל ער לערנען תנ״ך, אַ דריטל יאָר — משניות, און אַ דריטל

יאָר זאָל ער לערנען גמרא. ר"ל האָט געזאָגט: „עס שטייט געשריבן אין דער תורה נביאים און כתובים, אַז דער וואָס לערנט איז מצליח"; אין דער תורה: „דאַרום זאָלט איר היטן די ווערטער פון דעם דאָזיקן בונד און זיי טאָן, כדי איר זאָלט באַגליקן אין אַלץ וואָס איר וועט טאָן". (דברים כ"ט ח'); אין נביאים: „דאָס דאָזיקע בוך פון דער תורה זאָל זיך ניט אָפּטאָן פון דיין מויל, און זאָלסט טראַכטן דערפון טאָג און נאַכט, כדי זאָלסט היטן צו טאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס שטייט געשריבן דערין; וואַרום דענסטמאָל וועסטו מצליח זיין אין דיינע וועגן און דענסטמאָל וועסטו באַגליקן". (יהושע א' ח'); און אין כתובים: „נייערט צו דער תורה פון גאָט איז זיין באַגער, און אָן זיין תורה טראַכט ער טאָג און נאַכט. און ער וועט זיין ווי אַ בוים געפלאַנצט ביי בעכן וואַסער, וואָס גיט זיין פרוכט אין זיין צייט, און זיין בלאַט ווערט ניט פאַרוועלקט; און אין אַלץ וואָס ער טוט וועט ער באַגליקן". (תהלים א' ב' ג', קדושין ל', עבודה זרה י"ט).

לעולם ישלים אדם פרשיותיו עם הצבור (פרשה של כל שבת ושבת) שנים מקרא ואחד תרגום ואפילו עטרות ודבון וכל המשלים פרשיותיו עם הצבור מאריכין לו ימיו ושנותיו (ברכות ח' ע"ב).

אַ מענש זאָל משלים זיין זיינע פרשיות מיטן צבור, צוויי מאָל מקרא און איינמאָל תרגום און אפילו עטרת ודבון, און ווער עס טוט דאָס, דער לעבט לאַנג (ברכות ח' ע"ב).

גדולה תורה שבזכותה הקב"ה מציל את ישראל מן היסורין ולא ישלוט בהם היצר הרע ושורה עליהם רוח הקודש.

תורה איז גרויס. אין איר זכות איז גאָט מציל די אידן פון יסורין, און דער יצר הרע האָט ניט קיין מאַכט איבער זיי און עס רוט אויף זיי דער רוח הקודש.

גדולה תורה שמאירה ללומדיה בעוה"ז ובעולם הבא, שנאמר: „כי נר מצוה ותורה אור" (משלי ו' כ"ג).

תורה איז גרויס. זי גיט ליכטיקייט צו די וועלכע לערנען איר; אזוי ווי עס שטייט: „ווארום דאס געבאט איז א ליכט, און די לערנונג א ליכטיקייט" (משלי ו' כ"ג).

גדולה תורה מכל כלי חמדה שבעולם שזקני תורה כל זמן שהם מתישנין הן משביחין, שנאמר: „בישישים חכמה ואורך ימים תבונה" (איוב י"ב י"ב. קנים סוף פ"ג וע"ש שבת קנ"ב).

תורה איז גרעסער פון אלע גלוסטיקע זאכן פון דער וועלט. ווען די תלמידי חכמים ווערן עלטער, געפינט זיך ביי זיי מער חכמה ווי אין דער יוגענט, אזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „איז ביי גרייזן די חכמה, און אין אריכת-ימים פארשטאנדיקייט". (איוב י"ב, י"ב. קנים סוף פ"ג און שבת קנ"ב).

גדולה תורה שנקראת קדושה, שנאמר: „ודעת קדושים בינה" (משלי ט' י').

תורה איז גרויס. זי ווערט גערופן הייליקייט, אזוי ווי עס שטייט: „און די דערקענונג פון דעם הייליקן איז פארשטאנדיקייט". (משלי ט' י').

גדולה תורה שבזכותה ישראל נגאלין מן האומות, שנאמר: „זכרו תורת משה עבדי", וכתיב בתריה: „הנה אנכי שלח לכם את אליה הנביא לפני בוא יום ה' הגדול והנורא" (מלאכי ג' כ"ב).

תורה איז גרויס. אין איהר זכות וועלן אידן אויסגעלייזט ווערן פון גלות, ווי עס שטייט: „געדענקט די תורה פון מיין קנעכט משה'ן, וואס איך האב אים באפוילן אין חורב פאר גאנץ ישראל, חוקים און געזעצן. זעט, איך שיק צו אייך אליהו הנביא, איידער עס קומט דער טאג פון גאט, דער גרויסער און דער מורא'דיקער". (מלאכי ג' כ"ב).

גדולה תורה שנותנה חיים בעוה״ז ובעוה״ב, שנאמר: „כי — חיים הם למצאיהם ולכל־בשרו מרפא" (משלי ד׳ כ״ב), וכתיב: „עץ־חיים היא למחזיקים בה ותומכיה מאושר" (משלי ג׳ י״ח).

תורה איז גרויס. זי גיט לעבן אויף דער וועלט און יענער וועלט, אזוי ווי עס שטייט: „ווארום זיי זענען לעבן פאר די וואס געפינען זיי, און א היילונג פאר זייער גאנצן לייב" (משלי ד׳ כ״ב): „א בוים פון לעבן איז זי פאר די וואס האלטן זי פעסט, און דער וואס האלט זיך אן איר איז באגליקט (משלי ג׳ י״ח).

די גרעסטע מצוה איז דאס לערנען תורה. וויפיל חשוב׳ע מצוות עס זענען פאראן, איז דאך דאס אפגעבן זיך מיט לערנען די חשוב׳סטע צווישן אלע (פאה משנה א׳) און ווער עס גיט זיך אפ מיט לערנען תורה, אפילו בלויז איין טאג אין יאר, ווערט דאס אים פאר־רעכנט אזוי ווי ער וואלט געלערנט דאס גאנצע יאר. (חגיגה דף ה׳ ע״ב).

לערנען מאכט פריי. דאס ליכט פון דער תורה לייכט פון איין עק וועלט ביז צום אנדערן, און גלייך ווי דאס ליכט באשיצט דער וועלט, אזוי באשיצט אויך די תורה. (סוטה כ״א ע״א).

# שפרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
# וועגן מאָראַל און עטיק.

דער באַרימטער גריכישער פילאָזאָף טאַלעס פון מילעט, פלעגט זאָגן: „די גרעסטע זאַך אין דער וועלט איז די גראַמקייט, ווייל זי איז מחזיק אין זיך אַלע ברואים און אַלע ענינים; דאָס שטאַרקסטע אין דער וועלט איז די נויט, ווייל עס באַזיגט אַלץ; דאָס געשווינדסטע אין דער וועלט איז דער פאַרשטאַנד, ווייל אין איין מינוט פליט ער אַרום די גאַנצע וועלט; דאָס קלוגסטע פון אַלץ איז די צייט ווייל זי זאָגט אויס אַלעס; דאָס געשמאַקסטע פון אַלע זאַכן איז צו טאָן וואָס מען איז אומשטאַנד אויסצופירן. דער וואָס רעדט אַ סך איז אַ באַווייז, אַז ער האָט אין זיך קיין חכמה".

ביאַס פלעגט זאָגן: „זיי פלייסיק איינצוהאַנדלען חכמה אין דיין יוגענט, ווייל זי וועט דיר פאַרשאַפן רו אויף דער עלטער, און קיין רייכטום אין דער וועלט איז ניט אַזוי זיכער, אַז מען זאָל פון אים קיינמאָל ניט אָפּגעריסן ווערן".

אנאקסאגאָראס האָט פאַרלאָזן זיין לאַנד און זיינע גיטער (ער האָט געהאַט פילע פעלדער און ווייַנגערטנער) און איז אַוועק אין ווייטע לענדער כדי צו לערנען חכמות. ווען ער האָט זיך אומגע־קערט אַהיים און האָט זיך דערוואוסט, אַז זיינע גיטער זענען חרוב געוואָרן, האָט ער געזאָגט: „ווען די נחלאות מיינע וואָלטן ניט חרוב געוואָרן, וואָלט איר אַליין חרוב געוואָרן". (ער האָט געמיינט, אַז ווען ער וואָלט צוליב די נחלאות ניט אַוועק פון דערהיים, וואָלט ער דאָך ניט געלערנט קיין חכמות).

אין איין קליינעם זאַץ קען מען אויסדריקן דעם תוך פון סאָק־ראַטעס'עס גאַנצער פילאָזאָפיע: „קיין מענש טוט שלעכטס מיט'ן

גוטן ווילן. ווען מען זעט אַ מענטש שלעכטס טאָן, אָדער באַגיין אַ פאַרברעכן, דאַרף מען די אורזאַכע דערפון זוכן, ניט אין זיין האַרץ, ניט אין זיין שלעכטן ווילן, נאָר אין זיין קאָפּ", אין זיין אומוויסענ־הייט, אָדער אין זיין אומגעבילדקייט.

דער קאָפּ איז דער מאַיאַק, דער לייכט־טורם פון מענטשן. מיט אַ קלאָרן קאָפּ און ליכטיקן מאַרך וועט דער מענטש שטענדיק געפינען דעם ריכטיקן גוטן וועג.

פלאַטאָן זאָגט, אַז דרייערליי גיטער באַלאַנגען צום מענטש אין זיין לעבן: די קניני הנפש (גייסטיקע גיטער) און קניני הגוף (פּערזענ־ליכע ערווערבונגען) און די דריטע גיטער זענען ניט דאָס, און ניט דאָס. צו די ערשטע גיטער געהערט די מדה פון צדק, פון חכמה, מוט, געדולד און צניעות; צו די צווייטע גיטער געהערט שוינהייט, אַ גוטער מזג, געזונט, גבורה; צו די דריטע גיטער געהערן עלטערן, קינדער, גוטע פריינט, עשירות און הצלחה.

מען האָט אַמאָל געפרעגט אַנטיסטענעס: „צו וואָס נוצט דיר דיין חכמה?" האָט ער געענטפערט: „איך פריי זיך מיט דער חכמה און לערן זיך אויס פון איר צו טאָן אַזעלכע זאַכן ברצון וואָס אַנדערע מוזן עס טאָן געצוואונגענערהייט".

אַריסטיפּוס האָט אַמאָל געהערט ווי איינער האָט זיך גערימט מיט זיינע פילע חכמות, האָט ער צו אים געזאָגט: „דו ביזט אַזוי ווי יענע מענטשן וואָס שטאָפּן זיך אָן מיט צופיל עסן און קאָנען דאָס ניט פאַרדייען. זיי זענען ניט אַזוי געזונט ווי יענע וואָס עסן נאָר צו דער זאַט. ווייל ניט יענער וועלכער איז אַ סך געלערנט ווערט אָנגערופן אַ חכם, נאָר יענער וואָס לערנט און טוט דאָס בעסטע און די נויטיק־סטע דערפון".

מען האט אמאל געפרעגט אריסטיפוס׳ן: „ווער זענען די וויכטיקערע, די רייכע אדער די געלערנטע? „די געלערנטע״ — האט ער געענטפערט. „אויב אזוי״ — האט מען אים ווידער געפרעגט — „ווארום קלאפן די חכמים אין די טירן פון די עשירים און די עשירים קומען ניט צו די חכמים?״ האט ער געענטפערט: „ווייל די חכמים פארשטייען וואס זיי פעלט, זוכן זיי עס ביי דעם צווייטן, די עשירים אבער, ווייסן ניט זייערע פעלערן״.

אויך האט ער געזאגט: „דער סדר איז, אז דער דאקטאר קומט צו דעם חולה״.

ביאן האט געזאגט: „די חכמה האט א יתרון פאר אנדערע גוטע מעלות, אזוי ווי דער חוש הראות (דאס קענען זען) האט א יתרון פאר אנדערע חושים וואס מענשן פארמאגן״. (למשל דאס קענען הערן, שמעקן, פילן, אנטאפן).

די חכמה איז די הערשערין פון אלע צדקות, און אלע מדות טובות קומען פון איר ארויס. אן איר איז ניטא קיין גוטס אין לעבן, און אן חכמה בלייבט דער נפש ניט לעבן נאך דעם מענשן׳ס טויט.

„די מתנה פון דער טבע אין דער געבורט פון מענש״ — זאגט פלוטארך — „אויסער לערנען חכמה איז אזוי ווי א בלינדער שעפס. לערנען חכמה אן דער מתנה און די הכנות פון די טבע איז א גרויסער חסרון; און דער נסיון פון די טאטן אליין אן די ערשטע יארן הייסט א האלבע זאך. פונקט ווי איינער אקערט ערד און פארזייט, אויב די ערד איז א גוטע און פרוכטבארע, דער אקערער א שנעלער און די זרע א גוטע, וועט די ערד ארויסגעבן גוטע פרוכט. אזוי אויך דער מענש און זיין לערע.

# צדקה

לעולם אל תמנע ידיך מליתן צדקה בכל עת (א) שנאמר: „בבקר זרע את-זרעך ולערב אל-תנח ידך". (קהלת י"א ו').

א מענש זאל זיך קיינמאל ניט אפזאגן פון געבן צדקה, אזוי ווי עס שטייט: „אין פרימארגן זיי דיין זאמען, און אין אוונט זאלסטו ניט אפלאזן דיין האנט". (קהלת י"א ו').

---

(א) יתנהג שיתן צדקה שנה ראשונה המעשר מן הקרן ומכאן ואילך יתן מעשר מן הריוח אשר הרויח כל השנה, וזהו מדה בינונית ומצוה מן המובחר שיתן חומש שנה ראשונה מן הקרן, ואח"כ כל שנה חומש מן הריוח, ויותר מן החומש אל יבזבז כדי שלא יצטרך הוא אח"כ לבריות, וכ"ז דוקא כל ימי חייו אבל בשעת מותו יכול אדם ליתן לצדקה עד שליש רכושו, והרמ"א בש"ע סימן רמ"ט כתב דבשעת מותו יכול אדם ליתן צדקה כל מה שירצה ע"ש, ומשמע דיכול לבזבז הכל לגמרי את כל רכושו, אמנם ביד מלאכי הביא דאין לבזבז הכל לגמרי אלא צריך הוא שיניח קצת ליורשיו ע"ש, והנה דעת הרמב"ם דאף בחייו מתורת חסידות יכול לתת יותר מחומש, אמנם רבינו עובדיה מסכת פאה פ"א מוכיח דאף בדרך חסידות אינו רשאי לתת יותר מחומש, וכן דעת הגאון אזולאי בפתח עינים על עין יעקב מסכת פאה ע"ש. אמנם הגאון שאילת יעב"ץ כתב להלכה דמה שאמרו חז"ל אל יבזבז יותר מחומש זה אינו אלא במי שאיננו עשיר גדול, אבל מי שעשרו רב אזי מצוה ומדת חסידות לבזבז הרבה רק שישער שישאר בידו כדי להתפרנס ממנו כל ימי חייו ע"ש, וע"ש עוד שהעלה להלכה דאפילו אינו עשיר גדול רק הוא בינוני צריך לתת לעני די מחסורו כפי השגת ידו אפילו יותר מחומש ולא אמרינן המבזבז יותר מחומש אלא במקום שעניי עירו יש להם על מה שיסמכו על אחרים והוא רוצה לבזבז הרבה כדי לפרנסם בריוח.

כשהזמין לך השי"ת ריוח כבד את ה' ממה שחננך, כמבואר בפסיקתא דף ס"ג, ובתוס' קידושין ל"א ובילקוט משלי על פסוק כבד ה' מהונך.

הזהיר במעשר של כספים אשריו ואשרי זרעו אחריו, ודעת הגאון יעב"ץ בספרו שאילת יעב"ץ דמעשר כספים אינו מצות עשה כלל אפילו מדרבנן אלא היא הזהרה טובה ומנהג טוב ע"ש, ויש פוסקים הרבה דס"ל דמעשר כספים היא מצות עשה כמבואר בסימן רמ"ט ובסימן של"א בט"ז שם, והגאון שו"ת שער אפרים וחות יאיר ושבות יעקב ובאר יעקב ושאילת

לעולם יבקש אדם רחמים על מדות עניות שאם הוא לא בא בא בנו או בן בנו (ב) שנאמר: „נתון תתן לו ולא־ירע לבבך בתתך לו כי בגלל הדבר הזה יברכך ה' אלהיך" (דברים ט"ו י') גלגל הוא שחוזר בעולם. (שבת קנ"א ע"ב).

---

יעב"ץ ותשובה מאהבה ומשנת חכמים, כולם כאחד ענו ואמרו והסכימו לדעת רבינו מהר"מ רוטנבורג והב"ח שאין למעשר כספים עיקר לא מה"ת ולא מדרבנן ואינו אלא מנהגא בעלמא, ואם נהג הוי כמו מנהג של מצוה שאין לבטל כלל אם לא לצורך גדול ע"ש.

יזהר שלא יאמר אעשה מצוה זו ואראה אם אתברך, מלבד במעשר מותר שהרי אמרו עשר בשביל שתתעשר שנאמר ובחנוני נא בזאת, וכן מותר לאדם לומר סלע זה לצדקה בשביל שאחיה אני ובני, ועיין בספר משנת חכמים שכתב דהא דשרי לנסות במעות מעשר היינו אם עושה על מנת להתעשר אבל בשביל טובה אחרת כמו בשביל שיחיו בניו וכדומה אסור לנסות, ועיין בזה בפרשת דרכים ע"ש, גם הא דמותר לנסות במעשר היא דוקא במעשר תבואה אבל לא במעשר כספים כמבואר בשל"ה ובשאילת יעב"ץ ובמשנת חכמים.

מי שכופה את אחרים שיתנו צדקה ומעשה אותן אזי שכרו גדול משכר הנותן שנאמר והיה מעשה הצדקה שלום, ועל גבאי צדקה וכיוצא בהם שגובים את הצדקה נאמר ומצדיקי הרבים ככוכבים, וגבאי צדקה שהעניים מחרפים אותו אין לחוש בזה כי עי"ז זכותו יותר גדול, וכן לעולם אין אדם מעני מן הצדקה ולא דבר רע ולא היזק מתגלגל על ידה שנאמר והיה מעשה הצדקה שלום, כמבואר בש"ע סי' רמ"ז.

הנותן צדקה לחברו צריך ליזהר בכל מה דאפשר שיתן לו בהסתר ואם אפשר ליתנה באופן שהוא בעצמו אינו יודע למי נותנה וגם העני אינו יודע ממי קבלה טוב מאוד, ועכ"פ לא יתפאר אדם בצדקה שהוא נותן, אך אם מקדיש איזה דבר לצדקה מותר לו לכתוב שמו עליו שיהא לו לזכרון וראוי לו לעשות כן כמבואר בש"ע יו"ד סימן רמ"ט, אבל אנשי הגבאים אינם רשאים לכתוב את שמם על דבר הקדש של הקהל שנעשו על ידם בעבור שהם טרחו בשביל דבר זה ורשות ביד הקהל הזה למחוק, כמבואר שם בפ"ת.

(ב) מה יעשה אדם ויהיו בניו עשירים ויתקיימו יעשה חפצי שמים ואלו הן חפצי שמים, יפזר מעותיו לעניים כמבואר במס' כלה, ביתא דלא פתיחא למצות צדקה פתוח לאסיא כמבואר בוי"ר ו'. ויותר מה שהבעל הבית עושה עם העני העני עושה עם הבעל הבית, העני קנה עולם הזה, והעשיר קנה עולם הבא, כמבואר בכתובות ס"ז ברות רבה פ"ה.

אַ מענש זאָל שטענדיק בעטן רחמים, אַז ער זאָל ניט אָרים ווערן. אויב ער איז ניט אַן אָרימאַן, זאָל ער בעטן, אַז זיין זון זאָל ניט אָרים ווערן, און אויב אויך זיין זון איז ניט אָרים, זאָל ער בעטן, אַז זיין אייניקל זאָל ניט זיין אַן אָרימאַן. עס שטייט אין פסוק: „געבן זאָלסטו אים, געבן (דעם אָרימאַן) און דיין האַרץ זאָל ניט פאַרדריסן ווען דו גיסט אים, וואָרום פון וועגן דער דאָזיקער זאַך וועט דיך גאָט דיין האַר בענשן". (דברים ט"ו י'). ס'איז אַ רעדעלע וואָס דרייט זיך אויף דער וועלט. (שבת קנ"א ע"ב).

לעולם אל ימנע עצמו משלישית השקל בשנה, שנאמר „והעמדנו עלינו מצות לתת עלינו שלישית השקל בשנה לעבדת בית אלהינו" (נחמיה י' ל"ג). (ב"ב ט' ע"א).

אַ מענש זאָל תמיד געבן, ניט וועניקער ווי, אַ דריטל שקל אַ יאָר, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „און מיר האָבן געשטעלט אויף אונז אַ מצוה, אַרויפצולייגן אויף זיך אַ דריטל שקל אַ יאָר פאַר דעם דינסט פון אונזער גאָט'ס הויז" (נחמיה י' ל"ג, ב"ב ט' ע"א).

לעולם הוי שמח במתנה שנתת לעניים בתוך ביתך כדי שיכלה ממך מלאך המות, שנאמר: „אטם אזנו מזעקת-דל גם-הוא יקרא ולא יענה: מתן בסתר יכפה-אף" (משלי כ"א) ואין אף אלא מה"מ, שנאמר: „כי יגרתי מפני האף והחמה אשר קצף ה' עליכם להשמיד אתכם" (דברים ט' י"ט).

זאָלסט זיך תמיד פרייען מיט דעם וואָס דו קענסט געבן מתנות צו אָרימעלייט, וועט דער מלאך המות איבער דיר קיין שליטה האָבן, אַזוי ווי עס שטייט: „דער וואָס פאַרשטאָפּט זיין אויער פאַר דעם אָרימאַן'ס געשריי, וועט ער אויך רופן, און ניט געענטפערט ווערן: אַ מתנה פאַרבאָרגענערהייט פאַרבייגט דעם כעס" (משלי כ"א). און דער כעס און גרימצאָרן איז נאָר דער מלאך המות, ווי עס שטייט אין פסוק: „וואָרום איך האָב זיך געשראָקן פאַר דעם כעס און דעם גרים-

צאָרן וואָס גאָט האָט אויף אייך געצערנט, אייך צו פארטיליקן".
(דברים ט' י"ט).

לעולם אל יתן אדם מעותיו לתוך קופה של צדקה אלא א"כ ממונה עליה ת"ח כר' חנינא בן תרדיון (אלא יתן בעצמו לעניים מהוגנים). (ב"ב י' ע"ב, ע"ז י"ז ע"ב).

גיב קיין צדקה צו נים-ערליכע גבאים, עס איז בעסער, אז דו זאָלסט עס אליין צוטיילן (ב"ב י' ע"ב, ע"ז י"ז ע"ב).

לעולם הוי שמח על שלחניך בשעה שהרעבים נהנין ממך כדי שתאריך ימים בעוה"ז ובעוה"ב.

זיי שטענדיק פרייליך ווען הונגעריקע עסן ביי דיין טיש.

גדולה צדקה יותר מן הקרבנות, שנאמר: „עשה צדקה ומשפט נבחר לה' מזבח" (משלי כ"א ג' סוכה מ"ט).

צדקה איז גרעסער פון קרבנות, אזוי ווי עס שטייט: „טאָן גערעכטיקייט און רעכט איז בילכער ביי גאָט ווי א שלאכטאָפּפער". (משלי כ"א ג', סוכה מ"ט).

גדול המלוה לעני בשעת דחקו יותר מן העושה צדקה. (שבת ס"ג).

ווען איינער באָרגט געלט א געדריקטן, ווען אים איז ענג, שטייט ער העכער ווי דער וואָס גיט צדקה. (שבת ס"ג).

גדול המכריח לחבירו לתת צדקה. גדול המעשה יותר מן העושה, שנאמר: „והיה מעשה הצדקה שלום ועבדת הצדקה השקט ובטח עד-עולם". (ישעי' ל"ב י"ז, ב"ב ט' ע"א).

דער וואָס ווירקט אויף איינעם, אַז ער זאָל געבן צדקה שטייט העכער ווי דער וואָס גיט אַליין, ווי דער נביא זאָגט: „און דאָס ווערק פון רעכטפאַרטיקייט וועט זיין שלום, און דער אויפטו פון רעכט־פאַרטיקייט — רו און זיכערקייט אויף אייביק". (ישעיה ל"ב י"ז, ב"ב ט' ע"א).

גדולה הכנסת אורחים מהקבלת פני השכינה (א) שנאמר: „ויאמר אדני אם־נא מצאתי חן בעיניך אל־נא תעבר מעל עבדך" (בראשית י"ח ג'). שאמר לו הקב"ה שימתין לו עד שיכנים אורחים. (שבועות ל"ה).

---

(א) אדם כשהוא אורח אצל חבירו והולך ממנו לדרכו אזי אף שנותן לו מעות מ"מ צריך הוא ג"כ ליתן לו צדה לדרך כי על אשר לא נתן יהונתן לדוד פת לחם בהפרדו מאתו נתגלגל הדבר ונהרגו כהני נוב שמונים וחמשים נושאי אפוד בד, וכן צריך ללוות אותו וישמש לפניו, ומי שאינו מלוה להאורח כלל הרי זה כאלו שופך דמים, כמבואר בגמרא סוטה מ"ו, ובמג"א סימן ק"ו, וכן מבואר בשערי תשובה סימן ק"י שהאדם ישתדל לעשות לויה לחבירו כשיוצא לדרך, כי כל המתלוה אינו ניזוק, גם מבואר בספרי יראים שהבעל הבית המלוה להאורח שהולך לדרכו אזי צריך הבעל הבית המלוה אותו לידע להיכן האורח הולך לאיזה מקום, והשיעור לויה האידנא עד השער או לפחות ד' אמות וכופין על הלויה כמבואר בח"מ סימן תכ"ז בסמ"ע שם, והמלוה אותו צריך לעמוד במקומו עד שיתעלם חבירו מעיניו כמבואר בספר חזקוני, וגם לברכו בברכת כהנים כשיפרד ממנו כמבואר בס' ארחות חיים.

אדם אורח כשהולך מבית הבעל הבית לדרכו והבעל הבית הולך ללוות אותו אזי יאמר הוא לבעל הבית המלוה שדי לו בזה ולא יטריח עוד ללוותו כ"כ הרבה, וכן הבעה"ב יאמר להאורח לך לשלום, אבל לא יאמר לו בשלום, ועיין בזה בר"ן בברכות, וכן בתפארת ישראל במשנה סוף פרק ב' דר"ה, ובספר דרכי צדק כתב שלא יאמר האורח הנוסע או ההולך להמלוים אותו שיחזרו ממנו כל זמן שלא חזרו בעצמם וגם הם לא יחזרו עד שיתעלם מעיניהם, ותיבת ל' ו' י' ה', ראשי תיבות ל'חיים ו'לשלום י'לך ה'אורח, ולמפרע היא ה'מלוה י'שוב ו'ילך ל'חיים, כמבואר בכנה"ג ובסמ"ע תכ"ז.

אדם כשהוא אורח יתנהג במדת ההסתפקות ולא להיות ותרן, עיין ברמב"ם בהלכות פסולי המוקדשין פרק י"ט, ובתוספות יו"ט בפסחים פ"ז.

אדם אורח כמה יהיה בעיר ויהיה כאנשי עיר מבואר במשנה ה' פ"א דב"ב ר"ע ותוס' יו"ט ואם קנה בה בית דירה הרי הוא כאנשי העיר, כמבואר

הכנסת אורחים שטייט העכער פון קבלת פני השכינה, אזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „און ער האָט געזאָגט: מיין האַר, אויב, איך בעט דיך, און האָב געפונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, זאָלסטו, איך בעט דיך, ניט אוועקגיין פון דיין קנעכט" (בראשית י"ח ג'). גאָט האָט געזאָגט ער וועט ווארטן אויף אים ביז ער וועט אריינעמען צו זיך די אורחים (שבועות ל"ה).

גדולה הכנסת אורחים מהשכמת ביה"מ ותנן מפנין אפילו ארבע וה' קופות של תבן מפני האורחים ומפני בטול בה"מ הקדים האורחים לבטול ביהמ"ד (שבת קכ"ז, שבת פ' י"ח).

הכנסת אורחים איז גרעסער ווי קומען פרי אין בית המדרש. מיר האָבן געלערנט, אַז מען טאָר אפילו שבת אוועקנעמען פון אָרט פינף בינטלעך שטרוי צוליב אורחים און ביטול בית המדרש שטייט צוערשט אורחים און דערנאָך בית המדרש (שבת קכ"ז, שבת פ' י"ח).

---

שם ובש"ע ח"מ סימן קס"ג סעיף ב' בהג"ה וש"ע יו"ד סימן רנ"ו סעיף ה', וש"ע או"ח סי' תכ"ט. והרשד"ם הביא דלאו דוקא קנה אלא אפילו שכר דירה לי"ב חודש הרי הוא מיד כאנשי העיר לכל דבר.

אדם כשהוא אורח ויוצא מהבעל הבית אשר אכל שם אזי לא ירבה בשבח בעל הבית, מטעם המבואר בערכין ט"ז, וכן אל יספר בגנותו כמבואר בברכות בפ' הרואה.

אדם כשהוא אורח אצל בעל הבית אזי יתנהג שאל יטריח את הבעל הבית למענו ואם הוא מטריח את הבעה"ב הרי זה מגונה כמבואר בטעמו במסכת ד"א זוטא.

אדם יתנהג לצאת לקראת האורח ומכניסו כדרך שמצינו באברהם אבינו ע"ה שנאמר וירא וירץ לקראתם, ובאופן הזה נקרא הכנסת אורחים, כמבואר באבות דר"נ פרק ז'.

אדם צריך ליזהר שלא יהיו דלתי ביתו סגורות בשעה שהוא מסב לאכילה, והמנהג היה בירושלים שהיה מפה פרוסה ע"ג הפתח בבית כל זמן שהמפה היה פרוסה היו אורחים נכנסים וכאשר נסתלקה המפה אין האורחים נכנסים, כמבואר בב"ב צ"ג.

גדולה צדקה, שהקב"ה נקדש בה, שנאמר: „ויגבה ה' צבאות במשפט והאל הקדוש נקדש בצדקה" (ישעי' ה' י"ו).

צדקה איז גרויס. דער רבונו של עולם ווערט געהייליקט דורך איר, אזוי ווי עס שטייט: „און ה' פון צבאות ווערט דערהייכט דורך גערעכטיקייט, און גאט דער הייליקער ווערט געהייליקט דורך רעכט־פארטיקייט" (ישעי' ה' י"ו).

---

אדם כשבא לפניך עני ואין אתה מכיר לו והוא מבקש לך בדבר מזונות אזי אין אתה צריך לבדוק אחריו כלל כי אין בודקין למזונות, ותדע מאברהם אבינו שהרי לא נדמו לו אלא כערביים, אבל לכסות ולינת לילה לתוך ביתך תבדוק, ולא הכל תביא ביתך, כמבואר בב"ב ט' ובש"ע יו"ד סימן רנ"א סעיף יוד.

כשעושה מצוה יהיה מהטוב והיפה, ואם בנה בית תפלה יהיה נאה מבית ישיבתו, האכיל רעב אזי יאכילהו מהטוב ומהמתוק שבשולחנו, כסה ערום יכסהו מהיפה שבכסותו, הקדיש דבר יקדיש מהיפה שבנכסיו, וכן הוא אומר כל חלב לה', כמבואר בש"ע יו"ד סימן רמ"ח סעיף ז'.

כל הסועד עם חברו אפילו פת במלח או ירק או תמרים או גרוגרות או אפילו טובל עמו בציר אעפ"י שיש לאותו סועד מאה סעודות בכל יום כסעודת שלמה בשעתו יחזיק לו טובה לחבירו בפניו, כמבואר בתנא דבי אליהו רבה י"ח.

אדם כשמתארח אצל בעל הבית אינו רשאי ליתן ממה שנתן הבעה"ב לפניו כלום משום דבר לא לבנו ולבתו של הבעה"ב ולא לשלוחו אלא אם כן נטל רשות מבעל הבית, אמנם אם יש על השולחן מוכן הרבה מותר, כמבואר בש"ע סימן ק"ע.

אדם יזהר שלא לומר לחבירו בא עמי ואאכילך מה שהאכלתני, שזה דרך ריבית שמא הוא עתה יאכל יותר, וכן לא יאמר בא ואכול עמי ואאכול עמך פעם אחרת, כי זה הוא אסור ג"כ מהאי טעמא, כמבואר במסכת ד"א פ"ח, ובש"ע סימן ק"ע, ויש מקילין דמותר לומר לחבירו בא ואכול היום ואאכול עמך פעם אחרת ומותר לאכול עמו אחר כך אפילו בסעודה יותר גדולה, והטעם הוא דאומר כן לחבירו כדי שחבירו לא יסרב, אבל לא מפני פרעון, ולכן שרי, כמבואר בדרכי משה שם.

## שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע וועגן מאָראַל און עטיק.

ביאן האָט אַמאָל געזאָגט צו אַ גביר, וועלכער איז געווען זער קאַרג: „דו ביזט ניט דער בעל הבית איבער דיין געלט, נאָר דאָס געלט איז אַ הערשער איבער דיר”.

אויך האָט ער געזאָגט: „דער קאַרגער זאָרגט זיך שטענדיק וועגן זיין געלט, אַזוי ווי עס וואָלט באמת געווען זיינס; און ער האָט מורא דערפון צו געניסן, אַזוי ווי עס וואָלט געווען פון אַנדערן׳ס.
„די צדקה” — זאָגט סענעקא — „איז אַ שוועסטער צו דער נאַטור”.

„דער נאָמען צדקה” — זאָגט פלוטאַרך — „האַלט אין זיך אַלע בעסטע מדות פון גערעכטיקייט”.

געשמאַק זענען די ווערטער פון דעם דיכטער האָמער: „איך האָב ניט קיין רשות צו פאַרשעמען אַ פרעמדן אָרימאַן. גאָט האָט אונז געשיקט גרים און אָרימעלייט כדי מען זאָל קאָנען טאָן מיט זיי צדקה”.



# אהבת החברים — (ליבע צו מענשן)

לעולם יהיה אדם אוהב את הבריות (א) שנאמר: „ואהבת לרעך כמוך" (ויקרא י"ט י"ח). ומה שכתב לרעך ולא אמר את רעך בא ללמד שחייבו תורה לאהבו ולחמוד לחבירו כל מה שהוא אוהב וחומד לנפשו.

אַ מענש זאָל תמיד ליב האָבן דעם צווייטן, אזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „נייערט זאָלסט ליב האָבן דיין חבר אזוי ווי זיך אליין" (ויקרא י"ט י"ח).

לעולם יקרב אדם את אוהביו, שכיניו, ומקרב את קרוביו, ונושא את בת אחותו, והמלוה סלע לעני בשעת דחקו, עליו נאמר:

---

(א) אדם יתנהג שיהא דיבורו בנחת עם כל אדם, ויהא גומל חסד לכל אפילו למי שעשה לו רעה, יהא דואג לצרות הבריות ולא ישמח לאידם, אוהב שלום ורודף שלום ועושה שלום בין הבריות ומקדים שלום לכל אדם אף לעו"ג, ובש"ע סימן קמ"ח מבואר דלעו"ג יותר טוב להקדים לו שלום מלהשיב לו שלום אח"כ כשהקדים לו העו"ג שלום, ע"ש טעמו של חילוק דין זה.

אדם שעשה לו רעה בכל זאת אל ישוב לו רעה אלא יבקש עליו זכות להצדיקו ושילם לו טובה, כי אולי אנוס היה ואונס גם רחמנא פטריה, ואל ידין את חבירו עד שיגיע למקומו כי אולי סבה אחרת גרמה לו ואין אדם נתפס על צערו כי נח לקנות שונא וקשה לקנות אוהב, כמבואר במדרש בב"ר ל"ה, ובש"ר פ' כ"ו, ובנדרים ה', ובאבות פ"ב מ"ד, וב"ב ט"ז, ובילקוט תורה רמז תתמ"ה.

אם השכים אצלך שונאך להרגך ובא רעב או צמא לתוך ביתך אזי האכילהו והשקהו, כמו שנאמר, אם רעב שונאך האכילהו לחם ואם צמא השקהו מים, ולמה, כי גחלים אתה חותה על ראשו וה' ישלם לך, אל תקרי ישלם לך אלא ישלימנו לך, כמבואר במדרש משלי.

„הלוא פרס לרעב לחמך ועניים מרודים תביא בית כי־תראה ערם וכסיתו ומבשרך לא תתעלם: אז יבקע כשחר אורך וארכתך מהרה תצמח והלך לפניך צדקך כבוד ה׳ יאספך: אז תקרא וה׳ יענה תשוע ויאמר הנני״ (ישעיה נ״ח ז׳, ח׳, ט׳. סנהדרין ע״ו).

ווען אַ מענש דערנענטערט צו זיך זיינע קרובים און זיינע גוטע פריינט, און באַרגט דעם גערדיקטן געלט, זאָגט אויף אים דער פסוק: „איז עס ניט, אָפּצוברעכן פון דיין ברויט דעם הונגעריקן, און פאַר־וואָגלטע אָרימע זאָלסטו אַריינברענגען אין הויז? אַז דו זעסט אַ נאַקעטן, זאָלסטו אים באַדעקן, און פון דיין אייגן פלייש זאָלסטו זיך ניט פאַרהוילן? דענסמאָל וועט אויסברעכן ווי דער פרימאָרגן דיין ליכט, און דיין היילונג וועט אַרויסשפּראָצן גיך; און דיר פאָרויס וועט גיין דיין גערעכטיקייט, און די פּראַכט פון גאָט וועט דיר נאָכבאַלייטן, דענסמאָל וועסטו רופן און גאָט וועט דיר ענטפערן; וועסט שרייען און ער וועט זאָגן: „דאָ בין איך!״ (ישעיה נ״ח, ז׳, ח׳, ט׳. סנהדרין ע״ו).

לעולם ישתדל אדם להתחבר לטובים ויתרחק מחברת הרשעים ובני הבליעל.

אַ מענש זאָל תמיד זיין פריינט מיט גוטע מענשן, ניט מיט שלעכטע.

לעולם לא ירבה אדם רעים בתוך ביתו, שנאמר: „איש רעים להתרועע ויש אהב דבק מאח״ (משלי י״ח כ״ד, ברכות ס״ג).

אַ מענש זאָל ניט האָבן צופיל פריינט ביי זיך אין הויז, אַזוי ווי עס שטייט: „פאַראַן חברים אויף זיך צו פאַראומגליקן און פאַראַן אַ גוטער פריינט מער צוגעטאָן פון אַ ברודער״ (משלי י״ח כ״ד, ברכות ס״ג).

לעולם אל יספר אדם בטובתו של חבירו שמתוך טובתו בא לידי גנותו (ערכין ט״ז).

אַ מענש זאָל ניט דערציילן פאַר אַנדערע די טובות וואָס זיין פריינט האָט אים געטאָן. מיט דעם טוט ער אים אַ רעה (ערכין ט"ז).

לעולם אל תכבד את הרשעים, מנ"ל, מאחאב שהחיה את בן הדד ולבסוף הרגו.

זיי ניט מכבד אַ רשע. אחאב האָט הדד'ן געלאָזט לעבן, און ער האָט אחאב'ן דער'הרג'עט.

לעולם הוי מכבד הזקנים וקח עצתם, מנ"ל, מרחבעם בן שלמה, ואמר בן סירא ויש לישב סבא בביתא טבא בביתא.

זיי מכבד די עלטערע, און נעם אָן זייער עצה.

לעולם תהא אימת הצבור עליך שהרי כהנים אחוריהם כלפי שכינה ופניהם כלפי העם (סוטה מ').

די מורא פון קהל זאָל תמיד זיין אויף דיר, ווייל די כהנים זענען געשטאַנען מיט'ן פנים צום פאָלק (סוטה מ').

לעולם אל יוצא אדם עצמו מן הכלל.

אַ מענש זאָל זיך קיינמאָל ניט אַרויסנעמען פון כלל.

לעולם יכנס אדם בכי טוב ויצא בכי טוב (תענית י', ב"ק ס').

אַ מענש זאָל תמיד אַריינגיין אין שטאָט ווען עס איז ליכטיק, און אַרויסגיין אויך ווען עס איז ליכטיק, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „ווי דער מאָרגן האָט אויפגעלויכטן, אַזוי זענען די מענער אַוועקגעשיקט געוואָרן, זיי און זייערע אייזלען" (בראשית מ"ד ג', תענית י', ב"ק ס').

לעולם ידע אדם אצל מי יעמוד ואצל מי ישב ואצל מי מסיח ואצל מי חותם שטרותיו (סנהדרין כ"ג).

א מענש זאָל שטענדיק וויסן נעבן וועמען ער שטײט; נעבן וועמען ער זיצט און פאַר וועמען ער חתמ'עט אונטער זײַנע וועקסלען (סנהדרין כ"ג).

גדול ענשה של שנאת חנם שהחריבה ירושלים ובה"מ וסמך לדבר א'יכה י'שבה ב'דד ה'עיר, ר"ת „איב"ה".

תניא, מקדש שני שהיו עוסקין בתורה וג"ח מפני מה חרבה, מפני שנאת חנם שהיתה ביניהם, ללמדך ששקולה שנאת חנם כנגד שלש עבירות, ע"א, ג"ע, וש"ד (יומא ט').

די שטראָף פון שנאת חנם איז גרויס. דורך איר איז חרוב געוואָרן דער צווייטער בית המקדש (יומא ט').



# שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
# וועגן מאָראַל און עטיק.

דער גריכישער פילאָזאָף פּיטאק האָט געזאָגט: „דו זאָלסט ניט באַליידיקן מענשן, אפילו ניט דיינע פיינט".

ביאס האָט געזאָגט: „זיי גאַנץ מיטלמעסיק מיט דיין ליבע צו דיין פריינט, ווייל דו מוזט געדענקען, אַז ער קען דיר ווערן אַ שונא. אויך וויז ניט צופיל שנאה דיין פיינט, כדי ער זאָל נאָך קענען ווערן דיינער אַ גוטער פריינט".

דער גריכישער פילאָזאָף חילא האָט געזאָגט: „די ליבע און פיינטשאַפט זענען אויך ניט פון אייביקן דויער. דערפאַר זאָלסטו דיין פריינט אַזוי פיל ניט ליבן, אַז דו זאָלסט קענען ווערן אַמאָל זיינער אַ שונא; פאַרטרוי אים ניט צופיל. און דו זאָלסט דיין שונא אַזוי פיל ניט האַסן, כדי דו זאָלסט קענען אַמאָל ווערן זיינער אַ גוטער פריינט; רודף אים ניט צופיל".

אויך האָט ער געזאָגט: „באַזוך דיין פריינט אין זיינע אומגליקליכע צייטן פיל מער ווי אין די גליקליכע".

דער גריכישער פילאָזאָף קליבולו פלעגט זאָגן: „באַגיי זיך זער גוט מיט גוטע פריינט און מיט שונאים און אויף אַזאַ אופן וועסטו אָנהאַלטן די פריינטשאַפט פון די ערשטע (די גוטע פריינט) און קויפן די פריינטשאַפט פון די אַנדערע (די שונאים)".

פלאַטאָן האָט געזאָגט: „דרייערליי ליבשאַפטן זענען דאָ אין דער וועלט: די נאַטירליכע ליבע, פריינטשאַפטליכע ליבע און גרויס־מוטיקע ליבע. די ערשטע איז די ליבע צו עלטערן און צו קינדער;

די צווייטע איז די ליבע צו גוטע פריינט; די דריטע איז די ליבע צו די וועלכע מען קען גארניט, דאס איז די ליבע וואס קומט פון שיין־רעדעריי און קארעספאנדענץ".

אנטיסטענעס פלעגט זאגן: „עס איז מער רעכט מכבד צו זיין א ריכטיקן פריינט ווי א קרוב, ווייל די התקרבות פון אמת'ע מענשן איז פיל שטארקער ווי די התקרבות פון קרובים".

אריסטאטל'ען האט מען אמאל געפרעגט: „וואס איז ליבע?" האט ער געענטפערט: „איין נשמה און צוויי קערפערס". האט מען אים ווייטער געפרעגט: „וואס דארף א מענש טאן פאר זיין גוטן פריינט?" דאס זעלבע וואס ער וויל, אז זיין גוטער פריינט זאל טאן פאר אים", האט ער געענטפערט.

ביאן האט געזאגט: „זיי תמיד געטריי דיינע גוטע פריינט וועלכע דו האסט זיך געקויפט און פארלאז זיי ניט, ווייל מען קען זאגן אויף דיר, אז דו האסט זיך ביז איצט מתחבר געווען מיט נידריקע מענשן און דערפאר האסטו זיי איצט פארלאזן; אדער מען וועט זאגן, אז דו האסט פיינט מוסר, דערפאר קענסטו ניט זיין צוזאמען מיט אמת'ע מענשן".

ווי אמת זענען די ווערטער פון דעם דיכטער שילער: „עס זענען פאראן וואונדערבארע רגע'ס אין אונזער יוגענט ווען עס עפענען זיך די טויערן פון אונזערע הערצער צו האלזן און קושן יעדע זיסע בלום און יעדן ווערימל וואס קריכט אויף דער ערד".

„האב ליב דעם פרעמדן, אזוי ווי דעם בירגער" — האט געזאגט פהוצלידום — „ווארום מיר אלע זענען פרעמדע אויף דער וועלט".

אז מען האט געפרעגט סאקראטעס'ן פון וועלכן לאנד ער איז, האט ער געענטפערט: „פון דער וועלט", צו ווייזן, אז דער מענש איז ניט קיין פרעמדער אין דער וועלט.

# משא ומתן באמונה — (ערליך האנדלען)

לעולם ישתדל אדם בכל יכולתו להיות זהיר וזריז במשאו ומתנו באמונה (א) שכל הנושא ונותן באמונה כאילו קיים תרי"ג מצוות.

זאלסט תמיד, מיט אלע דיינע כוחות, ערליך האנדלען. דער וואס האנדלט ערליך, איז אזוי ווי ער וואלט מקיים געווען תרי"ג מצוות.

---

(א) אדם יתנהג שלא ישליך חשבון ישן מחשבונותיו, כי פעמים יכול להתברר ע"י חשבון ישן כמה דברים, וכן ראוי לכתוב כל דבר חשבון קטן או גדול למען לא יחשוד כשרים ח"ו, וכן עשה ההגר"א שעפטילש זצ"ל, שהיה מלוה על משכנות, ולפעמים היה מחזירין לו המעות אחר יום אחד, מ"מ היה הוא כותב הלואה ומוחק שלא ישכח אח"כ זמן הפרעון ויזכור הלואה ויבוא לידי קטטה ומריבה ח"ו עם חבירו, כמבואר בס' יש נוחלין מקבלת אבותיו, והובא בשל"ה שער האותיות אות ד', ע"ש.

אדם יתנהג תמיד שיאמר על כל דבר אם ירצה השם, וכן אם הרויח דבר יאמר הרוחתי בעזר השם, וכן יהא אדם רגיל לומר כל מה דעבד רחמנא לטב עביד, כמבואר זאת לפסק הלכה בש"ע או"ח בסי' ר"ל.

תתנהג אם הקפת סחורה או הקיפוך, אם פרעת חוב לאדם או פרעך אזי כתוב אפינקסך מיד עד דלא תיתוב אכרעך, כמבואר בס' אורחות צדיקים שער השכחה ושער הזכירה, ע"ש.

צריך ליזהר כשימכור איזה דבר לחבירו שלא ליפות את הדבר כדי לרמות בו היינו כגון להשקות בהמה מי סובין שמנפחין וזוקפין שערותיה כדי שתראה שמנה או לצבוע כלים ישנים כדי שיתראו כחדשים, וכן כל כיוצא בזה, וכן אסור לערב מעט פירות רעים בהרבה פירות יפים כדי למכרם בחזקת יפים או לערב משקה רעה ביפה ואם היה טעמו ניכר מותר לערב כי הלוקח ירגיש ועיקר פרטי הדינים והחילוקי דינים מבוארים היטב בש"ע אדמו"ר בהלכות אונאה.

צריך ליזהר שלא להונות לחבירו אפילו באונאת דברים כשם שאונאה אסורה במקח וממכר כך אסור אונאת דברים, שנאמר, ולא תונו איש את

לעולם ישכיר אדם עצמו לעבודה ר"ל שאינו מורגל לכך ואינו לפי כבודו. שאינה שלו ואל יצטרך לבריות (ב"ב ק"י).

כדי אַ מענש זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צום צווייטן, איז בעסער, אַז ער זאָל זיך זוכן אַרבעט וואָס איז אַפילו ניט צוגעפּאַסט פאַר אים (ב"ב ק"י).

לעולם ישלש אדם מעותיו, שליש בקרקע, שליש בפרקמטיא, שלש תחת ידו (ב"מ מ"ב).

אַ מענש זאָל אויסגעבן זיין פאַרמעגן. פאַר אַ דריטל זאָל ער קויפן פעלד; פאַר אַ דריטל—סחורה, און אַ דריטל זאָל איבערלאָזן ביי זיך (ב"מ מ"ב).

לעולם יהא אדם ירא שמים בסתר ומודה על האמת ודובר אמת בלבבו.

---

עמיתו ויראת מאלהיך זה אונאת דברים, וגדולה אונאת דברים מאונאת ממון שזה ניתן להשבון את הממון וזה לא ניתן להשבון ואונאת ממון אינו נוגע רק בממונו אבל זה נוגע בגופו, ומהו אונאת דברים מבואר בב"מ במשנה דף נ"ח ע"ב ובח"מ סימן רכ"ח.

מה יעשה ויתעשר ישא ויתן באמונה ויחיה באמונתו ויתפלל למי שהעושר והנכסים שלו, כמבואר בגמרא נדה דף ע' ובקדושין דף פ"ב.

כשאתה נשכרת אצל בעל הבית עבוד אותו באמונה ולמד מיעקב אבינו ע"ה ותזכה לנחלה בלי מצרים, כמבואר בב"ר פ"ט ותד"א רבה פ' ט"ו ופ' כ"ח.

יזהר כשיתחיל באיזה עסק שאל יתחיל ביום ב' ולא יסיים ביום ד', כמבואר בזוהר פ' תצא ופ' עקב ופ' פנחס, ובש"ע יו"ד סימן קע"ט, ובלבוש שם, והנמוקי יוסף סוף פרק ד"מ התיר בזה ע"ש, וכן בס' יוסף אומץ כתב בשם מורו ובשם הג' מהרש"ל דלהתחיל בד"ת ביום ב' ולסיים בד' אין להקפיד וסימן לזה בד קדש ילבש דבדברי קודש מותר בב"ד ודוקא בענינים של חול יש להקפיד על ב"ד, ע"ש.

אַ מענש זאָל שטענדיק זיין גאָספּאָרכטיק און תמיד רעדן אמת.

גדול האמת שהוא אחד משלשה עמודים שהעולם עומד עליהם. דתנן רבי שמעון בן גמליאל אומר: על שלשה דברים העולם קיים, על הדין ועל האמת ועל השלום (אבות פ״א).

גרויס איז דער אמת וואָס אויף די דריי זאַלן איז די וועלט געבויט, אַזוי ווי מיר האָבן געלערנט: ר׳ שמעון, דער זון פון גמליאל, זאָגט: „אויף דריי זאַכן האַלט זיך אויף די וועלט — אויף אמת, אויף גערעכטיקייט און אויף שלום״. ווי עס ווערט געזאָגט: „דאָס זענען די זאַכן וואָס איר זאָלט טאָן: רעדט אמת איינער מיט׳ן אַנדערן. אמת און אַ פרידלאכן משפט טוט משפּט׳ן אין אייערע טויערן״ (זכריה ח׳ ט״ז, אבות פ״א).

גדול האמת שכל מי שעושה מלאכתו באמת עם הבריות כאלו קיים התורה כולה, שנאמר: „צדקתך צדק לעולם ותורתך אמת״ (תהלים קי״ט, קמ״ב). הא למדת שכל מה שנברא בששת ימי בראשית שהוא קיים על האמת.

דער וועלכער טוט ערליך זיין אַרבעט און פירט זיך אויף אויפ־ריכטיק מיט מענשן, איז אַזוי ווי ער וואָלט מקיים געווען די גאַנצע תורה, ווי עס ווערט געזאָגט: „דיין גערעכטיקייט איז אייביק גערעכט, און דיין תורה איז אמת״ (תהלים קי״ט, קמ״ב).



# שפרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
# וועגן מאָראַל און עטיק.

פלאטאָן האָט אמאָל געהערט ווי איינער פון זיינע תלמידים האָט געלויבט די ערליכקייט און ער אַליין איז געווען גאָר דער היפוך דערפון, האָט ער צו אים געזאָגט: דו ביזט געגליכן צו אַ פידל פון אַ קינסטלערישן שפּילער, וואָס זי דערפרייט דעם אויער פון אַנדערע, און זי אַליין האָט דערפון גאָר קיין השגה".

אַריסטאָטעל'ס באַרימטע פראַזע איז געווען:

AMICUS SOCRATES, AMICUS PLATO, MAGIS AMICA VERITAS.

„פריינט פון סאָקראַטעס, פריינט פון פלאַטאָן, אָבער נאָך מער אַ פריינט פון וואַרהייט".

מיט דער פראַזע באַנוצט מען זיך געוועגליך אין ויכוחים אום צו צייגן גייסטיקע זעלבסטשטענדיקייט.

דער געלערנטער מונטיין האָט געזאָגט: „עס איז ניטאָ קיין גרעסערער פאַרברעכער ווי דער וואָס רעט ניט אמת. ווען מען זאָל פאַרשטיין די גרויסע זינד פון שקר וואָלט מען דעם שקרן באַשטראָפט מער ווי אַלע אַנדערע פאַרברעכערס".

אַריסטאָטעל האָט אויך געזאָגט: „די שטראָף פון דעם שקרן איז, אַז מען גלויבט אים ניט אַפילו ווען ער רעט אמת".

פלוטארך דערציילט, אַז דער פילאָזאָף עפּאַינטום פלעגט זאָגן, אַז די שקרנים זענען די סבות פון אַלעם שלעכטס אויף דער וועלט.

„אמת און צדקה" — זאָגט סאָקראַטעס — „זענען צווילינג־שוועסטער".

דער געלערנטער וואָלסטאָן האָט אַריינגערעכנט אין דעם אמת אַלע בעסטע און ליבענסווערדע מדות, און אין דעם שקר האָט ער אַריינגערעכנט אַלע ערגסטע און געמיינסטע מדות.

סענעקאַ פלעגט זאָגן: „דאָס גוטע האַלט זיך, און איז צוזאַמען־געקניפּט מיט דעם אמת, וואָרום אַ זאַך וואָס איז ניט אמת קען ניט פאַררעכנט ווערן פאַר גוט און אפילו ניט דער שאָטן פון גוט".

„דער אמת" — האָט דער גריכישער פּאָעט פּינדאַר געזאָגט — „איז דער פונדאַמענט און דער ווינקלשטיין פון צדקה".



## ענוה — (באשיידנקייט)

לעולם יהיה אדם מן הנרדפין ולא מהרודפין, שאין לך נרדפין בעוה"ז יותר מתורים ובני יונה והכשירן הכתוב לגבי מזבח ולא שאר עופות (ב"ק צ"ג).

אַ מענש זאָל תמיד זיין פון די געיאָגטע, ניט פון די יעגערם. אויף דער וועלט זענען ניט פאראַן מער געיאָגטע ווי די טויבן, און מען האָט זיי, ניט אַנדערע עופות, מכשיר געווען פאַר אַ קרבן (ב"ק צ"ג).

לעולם יהא אדם עניו כהלל ולא קפדן כשמאי (שבת ל׳).

אַ מענש זאָל שטענדיק זיין אַ עניו ווי הלל און ניט אַ קפדן ווי שמאי (שבת ל׳).

לעולם יהא אדם רך כקנה ולא קשה כארז, לפיכך זכה קולמוס לכתוב בו ס"ת תפילין ומזוזות (תענית כ׳).

אַ מענש זאָל תמיד זיין ווייך, ניט שטרענג; שפּל'דיק, ניט שטאָלץ (תענית כ׳).

לעולם ישתדל להיות צנוע ועניו וירגיל תמיד את עצמו ללכת בדרכי החכמים ובצניעות ובענוה.

אַ מענש זאָל שטענדיק זיין פרום און אַ עניו, און ער זאָל זיך געוואוינען צו גיין מיט עניוות.

לעולם לא יהלך אדם בקומה זקופה, שנאמר: „ויאמר ה׳ יען כי גבהו בנות ציון ותלכנה נטויות גרון ומשקרות עינים הלוך וטפוף

תלכנה וברגליהם תעכסנה: „ושפח ד׳ קדקד בנות ציון״ (ישעיה ג׳ ט״ז י״ז).

אַ מענש זאָל ניט גיין שטאָלץ, ווי עס ווערט געזאָגט: „און גאָט האָט געזאָגט: ווייל די טעכטער פון ציון זענען האָפערדיק, און גייען פאַררים דעם האַלז, און ווינקענדיק מיט די אויגן; און גייען שווּעבנדיק, און מיט זייערע פוסרינגען קלינגען זיי! דארום וועט גאָט קרעציק מאַכן דעם קאָפּ פון די טעכטער פון ציון״ (ישעיה ג׳ ט״ז י״ז).

לעולם ילמד אדם מדת קונו שהרי הקב״ה הניח כל הרים וגבעות והשרה שכינה על הר סיני מפני שאינו גבוה והוא נמוך, שנאמר: „הר־אלהים הר־בשן הר גבננים הר־בשן: „למה תרצדון הרים גבננים ההר חמד אלהים לשבתו״ (תהלים ס״ח, י״ו, י״ז, סוטה ה׳).

לערן זיך די מדה פון ענוות פון באַשעפער. גאָט האָט דורכ־געלאָזט אַלע הויכע בערג און ער האָט די שכינה געמאַכט רוען אויפ׳ן נידריקסטן באַרג, דעם באַרג סיני. ווי עס ווערט געזאָגט: „אַ באַרג פון גאָט איז באַרג בשן, אַ באַרג פון שפּיצן איז באַרג בשן. וואָס קוקט איר קרום, איר פולשפּיציקע בערג אויף דעם באַרג וואָס גאָט האָט זיין וואוינונג געגלוסט״ (תהלים ס״ח, י״ו, י״ז, סוטה ה׳).

גדולה ענוה שנשתבח בה אברהם ע״ה מפני שהיו בני דורו גדולים שבהן מנשאין אותו כגון עפרון החתי, והיו קוראין אותו: „אדוני נשיא אלהים אתה בתוכנו״, והוא עה״ש היה משפיל עצמו במדת הענוה והצניעות עמהם ואפילו עם הפחותים שבהם, שנאמר: „וישתחו אברהם לפני עם־הארץ״ (בראשית כ״ג).

גרויס איז די מדה פון ענוה וואָס דורך איר איז געלויבט געוואָרן אברהם ע״ה. די גרעסטע מענשן פון זיין דור, ווי עפרון דער חתי, האָבן אים מיטגעטיילט כבוד און זיי האָבן אים גערופן: „מיין האַר,

א געטליכער פירשט ביזטו צווישן אונז", און ער האָט זיך נידריק געהאַלטן אפילו פאַר די קלענסטע פון זיי, ווי עס ווערט געזאָגט: „האָט אברהם זיך געבוקט פאַר דעם פאָלק פון לאַנד" (בראשית כ"ג).

גדולה ענוה שבה נשתבח יצחק ע"ה שהרי אבימלך גרש אותו ממלכותו, וכשבא אליו אבימלך לא גבה לבו ולא שלם לו כמעשיו ומרוב ענותנותו קבלו מאהבה ואכלהו והשקהו לו ולאנשיו, שנאמר: „ויעש להם משתה ויאכלו וישתו: וישכימו בבקר וישבעו איש לאחיו וישלחם יצחק וילכו מאתו בשלום" (בראשית כ"ו ל' ל"א).

גרוים איז ענוה. דורך איר איז געלויבט געוואָרן יצחק ע"ה. אבימלך האָט אים פאַרטריבן פון זיך, פונדעסטוועגן, ווען אבימלך איז געקומען צו יצחק'ן, האָט זיך יצחק אין אים ניט נוקם געווען, נאָר פאַרקערט, ער האָט אים פריינטליך אויפגענומען און האָט אים און זיינע מענשן געגעבן עסן און טרינקען, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „האָט ער געמאַכט פאַר זיי אַ מאָלצייט, און זיי האָבן געגעסן און געטרונקען; און זיי האָבן זיך געפעדערט אין דער פרי, און זיי האָבן געשוואָרן איינער דעם אַנדערן, און יצחק האָט זיי אַרויסבאַ־לייט און זיי זענען אַוועקגעגאַנגען פון אים בשלום" (בראשית כ"ו ל' ל"א).

גדולה ענוה שבה נשתבח יעקב אבינו ע"ה, שמפני ענותנותו היה קורא לעשו „אדוני", שנאמר: „כה תאמרון לאדוני לעשו" (בראשית ל"ב ה'). ולכך היה כותב רבינו הקדוש לאנטונינוס „נאם עבדך יהודה", אמר כי לא טוב אנכי מאבותי.

גרוים איז עניוות. דורך איר איז יעקב אבינו ע"ה געלויבט געוואָרן. צוליב זיין באַשיידנקייט האָט ער גערופן עשו'ן „מיין האַר", אַזוי ווי עס שטייט: „און ער האָט זיי באַפוילן, אַזוי צו זאָגן: אַזוי זאָלט איר זאָגן צו מיין האַר, צו עשו'ן" (בראשית ל"ב ה').

גדולה ענוה שבה נשתבח משה רבינו ע"ה, שנאמר: „והאיש משה ענו מאד מכל האדם אשר על-פני האדמה" (במדבר י"ב ג'). מה ת"ל מכל האדם, אלא ענו ואינו מתגאה במדה מן המדות שבני אדם רגילין להתגאות בה כגון המלכות והנבואה והחכמה, ואעפ"י שהיו בו כל המדות הללו ענו מאוד מכל האדם.

גרויס איז די מדה פון ענוה. דורך איר איז משה רבינו ע"ה געלויבט געוואָרן. ווי עס ווערט געזאָגט: „און דער מאַן משה איז געווען זער אַן ענו, מער פון אַלע מענשן וואָס אויפ'ן געזיכט פון דער ערד" (במדבר י"ב ג').

פאַרוואָס שטייט „פון אַלע מענשן?" ווייל ער האָט ניט שטאָל-צירט מיט די זאַכן וועלכע מענשן שטאָלצירן. למשל: קעניגרייך, נבואה און חכמה. די אַלע מעלות האָט ער פאַרמאָגט, אָבער ער האָט זיך ניט גרויסגעהאַלטן מיט זיי.

גדולה ענוה שבה נתגדל אהרן ע"ה בנוהג שבבני אדם מכבד את ביתו בבגדים בלות שמא מתטנף הוא בכליו והוא מכבד, אבל אהרן ע"ה לובש שמנה בגדים ודומה לחתן בחופה ואעפ"כ והרים את הדשן.

גרויס איז די מדה פון ענוה. דורך איהר איז אהרן גרויס געוואָרן. עס פירט זיך, אַז ווען אַ מענש וויל רייניקן זיין הויז, טוט ער אויס זיינע שיינע קליידער און טוט אָן די ניט-שיינע, ווייל ער שעמט זיך צו טאָן די אַרבעט אין גוטע קליידער. אהרן אָבער, כאָטש ער איז געגאַנגען אין זיינע שיינע קליידער, פונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט געשעמט אַראָפּצונעמען דאָס אש פון גאַנץ-אָפּפער, וואָס דער פייער האָט אויפ'ן מזבח פאַרברענט, און אַוועקלייגן עס נעבן מזבח.

גדולה ענוה שבה נשתבח אלעזר, שנאמר: „ונשיא נשיאי הלוי אלעזר בן-אהרן הכהן פקדת שמרי משמרת הקדש" (במדבר ג' ל"ב).

ואעפ"כ היה משפיל את עצמו לפני גדולת הקב"ה והיה נושא בעצמו קטורת הסמים בימינו ושמן המאור בשמאלו ומנחת התמיד תלויה בזרועו שמן המשחה תלויה חגורה — ומוס' הערוך פי' כים המוכן למעות — באפונדתו ושמא תאמר קטן היה הרי הוא אומר ונשיא נשיאי הלוי אלא שאין גדולה בפלטרין של מלך, שנאמר: „אל-תתהדר לפני-מלך" (משלי כ"ה ו').

גרויס איז די מדה פון ענוה. דורך איר איז אלעזר געלויבט געוואָרן, כאָטש ער איז גרויס געווען, ווי עס ווערט געזאָגט: „און דער פירשט איבער די פירשטן פון די לווים איז געווען אלעזר, דער זון פון אהרן דעם כהן, דער אויפזעער איבער די וואָס היטן די „היטונג פון דעם הייליקטום" (במדבר ג' ל"ב). פונדעסטוועגן האָט ער זיך נידריק געהאַלטן און אַליין געטראָגן דעם רויך ווערק פון וואויל-שמעקענדע געווירץ אין זיין רעכטע האַנט, אייל צו דעם באַלייכטונג אין זיין לינקער האַנט, דאָס שטענדיקע שפייז-אָפּער אויפ'ן אַקסל, און דאָס זאַלבונג-אייל אין גאַרטל, ווייל קיין גרויסקייט איז ניטאָ אין פּאַלאַץ פון מלך, אַזוי ווי עס שטייט: „זאָלסט זיך ניט שיינדלען פאַר'ן מלך" (משלי כ"ה ו').

גדולה ענוה שבה נתגדלו הלוים שכל ישראל היו מהלכין כאחד והם היו זקוקין ליישב את כל כלי המשכן ולא עוד אלא שטוענין בעגלה ואפ"ה לא נתגאו ולא אמרו אין אנו מקבלין עלינו שאין גדולה בפלטרין של מלך, שנאמר: „אל-תתהדר לפני-מלך" (משלי כ"ה ו').

גרויס איז די מדה פון ענוה. כאָטש די לוים זענען געווען גרויסע מענשן, פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך ניט אָפּגעזאָגט פון טראָגן די כלים פון משכן.

גדולה ענות שבה נתגדל שאול, שהרי כשאמר לו שמואל: „ולמי כל-חמדת ישראל הלוא לך ולכל בית אביך", והוא הקטין עצמו וא"ל: „הלא בן-ימיני אנכי מקטני שבטי ישראל ומשפחתי הצעירה

מכל-משפחות שבטי בנימין" (שמואל א׳ ט׳ כ׳ כ"א). וכשבקשו למשוח אותו הטמין עצמו עד שהפילו גורלות, שנאמר: „ויאמר ה׳ הנה-הוא נחבא אל-הכלים" (שמואל א׳ י׳ כ"ב) (א).

גרויס איז די מדה פון ענוה. דורך איר איז שאול גרויס געוואָרן. ווען שמואל האָט צו אים געזאָגט: „און פאַר וועמען איז אַלדאָס גלוסטיקע פון ישראל, אויב ניט פאַר דיר און פאַר דעם גאַנצן הויז פון דיין פאָטער?" האָט ער זיך קליין געמאַכט און געזאָגט: „בין איך ניט פון בנימין, פון די קלענסטע שבטים פון ישראל, און מיין משפחה די מינדסטע פון אַלע משפחות פון שבט בנימין?" (שמואל א׳, ט׳, כ׳, כ"א). און ווען מען האָט אים געוואָלט זאַלבן האָט ער זיך באַהאַלטן ביז זיי האָבן געוואָרפן גורל, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „האָט גאָט געזאָגט: אָן באַהאַלט ער זיך ביי די זאַכן" (שמואל א׳ י׳ כ"ב).

גדולה ענוה שבה נתגדל דוד, שנאמר: „ויבא המלך דוד וישב לפני ה׳ ויאמר מי אנכי ד׳ אלהים ומי ביתי כי הבאתני עד-הלום" (שמואל ב׳ ז׳ י"ח), ואמר: „ואנכי תולעת ולא-איש חרפת אדם ובזוי-עם" (תהלים כ"ב ז׳).

דורך דער מדה פון ענוה איז דוד גרויס געוואָרן, ווי עס ווערט געזאָגט: „און דער מלך דוד איז געקומען, און האָט זיך געזעצט פאַר

---

(א) ואין להקשות מהא דאמרינן ביומא כ"ב מפני מה נענש שאול מפני שמחל על כבודו, שנאמר: „ובני בליעל אמרו מה-יושיענו זה ויבזהו ולא-הביאו לו מנחה ויהי כמחריש" (שמואל א׳ י׳ כ"ז). דהתם כבר היה מלך וקי"ל מלך שמחל על כבודו אין כבודו מחל, כדאיתא כתובות י"ז, קדושין ל"ב, סוטה מ"א, סנהדרין י"ט, וכן פסק הרמב"ם פ"ב מהל׳ מלכים דין ב׳ (וזה שדייק רש"י ביומא שם ד"ה נענש שאול לבוא לידי דבר שעליו ניטל ממנו מלכות מפני שמתחלת מלכותו מחל על כבודו וגילה על עצמו שאינו כדאי למלוך). אבל הכא דקדק לכתוב שבה נתגדל שאול וכו׳ והיינו שעדיין לא היה מלך.

גאָט, און האָט געזאָגט: „ווער בין איך, גאָט דו האַר, און ווער איז מײַן הויז, וואָס דו האָסט מיך געבראַכט ביז אַהער?" (צו אַזאַ גדולה) (שמואל ב׳ ז׳, י״ח). אויך האָט דוד געזאָגט: „אָבער איך בין אַ וואָרעם און ניט קײן מענש, אַ חרפה פאַר לײַט, און פאַראַכט פון פאָלק" (תהלים כ״ב ז׳).

באַשײדענקײט איז אײנע פון די שענסטע מדות. די חכמים האָבן געהאַלטן, אַז זי פּאַסט זיך פאַר יעדן מענשן. דער תנא ר׳ לויטס איש יבנה האָט װעגן דער דאָזיקער מדה געזאָגט: „זער און זער דאַרף זיך דער מענש האַלטן נידריק אין זײַנע געפילן, ווײַל עס איז טאַקע אמת׳דיק ניטאָ מיט וואָס צו שטאָלצירן. ווען די גאַנצע האָפנונג פון מענש ענדיקט זיך, ווערן פריער אָדער שפּעטער אים עסן די ווערים" (אבות פרק ד׳ משנה ד׳).

פּשוט׳ע וואונדער זענען דערצײלט געוואָרן וועגן דער ענוות פון הלל הזקן. ער האָט געדולדיק יעדן אויסגעהערט. מענשן פלעגן זיך וועטן, אַז מען וועט אים מיט פאַרשידענע נאַרישע שאלות אַרויס־ברענגען פון געדולד, אָבער זײ האָבן שטענדיק די דאָזיקע וועטן פאַרלוירן. האָבן דערפאַר די חכמים אָנגעזאָגט, אַז יעדער מענש דאַרף שטרעבן צו דערגרײכן אין זײַן ענוות די מדרגה פון הלל הזקן (שבת ל׳ ע״ב, אבות דר׳ נתן פרק ט״ו).

„ווײַלכער מענש פאַרדינט אײגנטליך צו האָבן „עולם הבא?" האָט מען אַמאָל געפרעגט, און מ׳האָט זיך געענטפערט: „צו פאַרדינען עולם הבא, דאַרף דער מענש זײַן אַ באַשײדענער, וואָס האַלט זיך נידריק, געט און קומט אײַנגעבויגן, לערנט שטענדיק און האַלט זיך ניט גרויס מיט זײַן לערנען (סנהדרין פ״ח ע״ב), ווײַל ווער עס האַלט זיך נידריק מאַכט רוען די שכינה צווישן די מענשן אויף דער ערד; און ווער עס האַלט זיך שטאָלץ, פאַראורזאַכט אַן אומרײנקײט אויף דער ערד און פאַרטרײַבט מענשן" (מכילתא מס׳ דבחודש פ״ט פיסקא י״ח).

„ווער עס האַלט זיך נידריק" — זאָגט אַן אַנדערער פון די חכמים — „דערגרייכט דערנאָך, אַז דער אויבערשטער זאָל אים דערהויבן. און ווער עס האַלט זיך שטאָלץ, דערנידריקט אים דער אויבערשטער. ווער ער זוכט גרויסקייט, אַנטלויפט די גרויסקייט פון אים, און ווער עס אַנטלויפט פון גרויסקייט, יאָגט די גרויסקייט נאָך אים נאָך (עירובין י"ג ע"ב).

באַשיידנקייט, קען געזאָגט ווערן, איז אַ מדה פון כביכול אַליין. ווען דער אויבערשטער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל באַוויזן צו משה רבינו, האָט ער זיך נים באַוויזן אין אַ שטאָלצן צעדערבוים, נאָר אין אַ נידריקן דאָרנבוש. און ווען ער האָט געגעבן זיין תורה צו די אידן, האָט ער דאָס נים געטאָן אויף איינעם פון די הויכע בערג, נאָר אויפ'ן באַרג סיני, וועלכער איז געווען קלענער פון אַנדערע און גאַנץ באַשיידן אין זיין טבע (סוטה ה' ע"א).

ווער עס האַלט זיך שטאָלץ, זאָגט דער אויבערשטער וועגן אים, אַז ער קען גאָרניט מיט אים צוזאַמענהויזן און ווער עס גייט אויסגעשטרעקט האָפערדיק איז גלייך ווי ער וואָלט ענג געמאַכט די פיס פון דער שכינה (ברכות מ"ג ע"ב).



## שפרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
## וועגן מאָראַל און עטיק.

דער גריכישער פילאָזאָף טאלעס האָט געזאָגט: „די שווערסטע וויסנשאַפט איז פאַר דעם מענשן צו וויסן זיין ווערט". דערפאַר האָט ער געגלויבט אין דעם שפּריכוואָרט: קען זיך זעלבסט.

ביאס׳עס שפּריכוואָרט איז געווען: ציל זיך תמיד צו האָבן חן ביי לייטן און זיי שטענדיק געלאָסן ווייל די ענדע פון גאוה איז שאַנדע.

דיאָגענעס פלעגט תמיד זאָגן: „ווען איך באַטראַכט די מלכים, די חכמים און די דאָקטוירים, שיינט מיר, אַז דער מענש איז פיל וויכטיקער פון אַ בהמה. באַטראַכט איך אָבער די שטערן־זעער, די חלומות-באַשיידערס, די בעלי גאוה וואָס שטאָלצירן מיט זייער עשירות, הויב איך אָן גאָר צו גלויבן, אַז דער מענש און אַ בהמה זענען גלייך".



# כבוד אב ואם און כבוד הבריות
## (מענשליכע ווירדע)

לעולם תהיה על האדם יראת אביו ואמו, וגדול יראת אב ואם, שהשוון הקב"ה למוראו, בהקב"ה כתיב: „את-ה' אלהיך תירא", ובאב ואם כתיב: „איש אמו ואביו תיראו" (דברים י' כ', ויקרא י"ט ג', קדושין ל"ב).

אַ מענש זאָל מורא האָבן פאַר זיינע עלטערן. גרויס איז די מורא פאַר עלטערן, ווייל זי איז געגליכן צו די מורא פאַר גאָט. ביי גאָט שטייט געשריבן: „פאַר ה' דיין גאָט זאָלסטו מורא האָבן"; און ביי די עלטערן שטייט געשריבן: „איר זאָלט איטלאכער האָבן אָפּשיי פאַר זיין מוטער און זיין פאָטער" (דברים י' כ', ויקרא י"ט ג', קדושין ל"ב).

לעולם יקדים הבן בהוצאות אביו ואמו ובכבודם, ועיקר הכבוד הם ה' דברים, ואלו הם: מאכילן, ומשקן, ומלבושן, ומכניסן ומוציאן משלו, אם הם עניים.

דער עיקר כבוד פון עלטערן איז: געבען זיי עסן, טרינקען, קליידונג און אַנדערע זאַכן (אויב זיי זענען אָרעם).

גדול כבוד אב ואם שהעדיפו הקב"ה יותר מכבודו, שנאמר: „כבד את-ה' מהונך" (משלי ג' ט'). בלקט שכחה ופאה ותרומות ומעשרות אם יש לך אתה חייב ליתן, ונאמר בכבוד אב ואם: כבד את אביך ואת אמך בין יש לך בין אין לך ואפילו אתה מחזיר על הפתחים (ירושלמי הביאו תוס' קדושין ל"א ד"ה כבד).

גאָט האָט דעם כבוד פון עלטערן געמאַכט גרעסער ווי זיין כבוד, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „גיב כבוד צו גאָט פון דיין גוטס"

(משלי ג׳ ט׳). ביי לקט שכחה און פאה תרומות און מעשרות איז: „אויב דו האָסט, ביזטו מחויב צו געבן״; און ביי כבוד אב ואם שטייט: „האלט אין כבוד דיין פאָטער און דיין מוטער״. סיי דו האָסט און סיי דו האָסט ניט, ביזטו מחויב זיי צו געבן.

גדול כבוד אב ואם שהקישו הקב״ה לכבודו (קדושין ל׳).

גרויס איז דער כבוד פון עלטערן. דער רבש״ע האָט אים געגליכן צו זיין כבוד (קדושין ל׳).

דרש רבי עוירא רבא אפיתחא דבי נשיאה מאי דכתיב: „יודוך ה׳ כל־מלכי־ארץ כי־שמעו אמרי־פיך״ (תהלים קל״ח ד׳). מאמר פיך לא נאמר אלא אמרי פיך בשעה שאמר הקב״ה אנכי ולא יהיה לך אמרו אומות העולם לכבוד עצמו הוא דורש, כיון שאמר כבד את אביך ואת אמך, חזרו להודות על המאמרים הראשונים (קדושין ל״א).

רבי עוירא האָט גע׳דרש׳נט דאָס וואָס ער שטייט אין פסוק: „לויבן וועלן דיך, גאָט, אַלע מלכים פון דער ערד, ווארום זיי האָבן געהערט די ווערטער פון דיין מויל״ (תהלים קל״ח ד׳). ווען גאָט האָט געזאָגט דעם אנכי און דעם לא יהיה לך, האָבן די אומות העולם געמיינט, אַז ער זאָגט דאָס פאַר זיין אייגענעם כבוד. אָבער ווען זיי האָבן געהערט כבד את אביך ואת אמך, האָבן זיי מודה געווען צו די ערשטע רייד (קדושין ל״א).

בין שיש לך הון בין שאין לך הון כבד את אביך ואת אמך (ירושלמי פאה פ״א).

אָרעם אָדער רייך, זאָלסטו תמיד ערן דיינע עלטערן (ירושלמי פאה פ״א).

בזמן שאדם מכבד את אביו ואת אמו אמר הקב״ה כאילו דרתי ביניהם (קדושין ל׳).

„ווען אַ מענש ערט זיינע עלטערן" — זאָגט גאָט — „איז גלייך ווי איך וואָלט געוואוינט מיט זיי" (קדושין ל׳).

כופין את הבן לזון את האב (ירושלמי נדרים פ"ט).

מען צווינגט דעם זון אויסצוהאַלטן דעם פאָטער (ירושלמי נדרים פ"ט).

איזהו כבוד אב ואם. מאכל ומשקה, מלביש ומכסה, מכנים ומוציא (תמיד ל"ב).

גוט עסן און טרינקען, שוכן, קליידן און אַנדערע זאַכן, דאָס הייסט כבוד אב ואם (תמיד ל"ב).

„מכבד אביו יאריך ימים ושומר מצות ישמח אמו" (בן סירא ג׳).

דער וואָס גיט כבוד דעם פאָטער לעבט לאַנג, און דער וואָס היט מצוות דערפרייט זיין מוטער (בן סירא ג׳).

„דריי שותפים" — זאָגן אונזערע חכמים — „האָבן אַ חלק ביי דער באַשאַפונג פון דעם מענש: דער אויבערשטער, דער פאָטער און די מוטער". דערפאַר, אַזוי לאַנג ווי דער מענש האַלט בכבוד זיין פאָטער און מוטער, איז דאָס ביים אויבערשטן אַזוי חשוב גלייך ווי כביכול וואָלט געוועזן צווישן זיי און מען וואָלט אים, דעם אויבערשטן אַליין, אָפּגעגעבן דעם כבוד (קדושין ל׳ ע"ב).

עס איז אויך געזאָגט געוואָרן, אַז דער כבוד וואָס אַ מענש דאַרף אָפּגעבן זיין טאַטע-מאַמע, איז אַזוי וויכטיק, אַז דער אויבערשטער האָט אים געשטעלט העכער פון זיין אייגענעם כבוד.

זאָגן דערפאַר די חכמים, אַז אַ מענש איז פאַרפליכטעט צו מצוות, צו מאַכן אַ סוכה, צו נעמען אַ לולב מיט אַן אתרוג, אַ שופר

און ציצית, צו געבן עסן צו הונגעריקע און טרינקען צו דורשטיקע. איז דאָס אַלץ אָבער בלויז ווען דער מענש האָט די מעגליכקייט דאָס צו טאָן. אויב דאָס איז אים אָבער שווער, איז ער דאָס ניט מחויב צו טאָן. ווען עס האַנדלט זיך אָבער וועגן דעם כבוד פון טאַטע־מאַמע, איז ער דערצו פאַרפליכטעט (ירושלמי פאה פרק א׳ הלכה א׳).

ווען עס איז אויפגעשוואומען די שאלה ווי ווייט עס דאַרף גען דער כבוד פאַר טאַטע־מאַמע, און צי קען מען אפשר יוצא זיין מיט גוטע ווערטער, האָבן די חכמים פאַרענטפערט די דאָזיקע שאלה מיט׳ן פסוק: „כבד את ה׳ מהונך״. (זאָלסט אָפּגעבן כבוד צו גאָט פון דעם וואָס דו פאַרמאָגסט). און זיי האָבן געזאָגט, אַז דער כבוד פאַר טאַטע־מאַמע דאַרף זיך אויסדריקן מיט דעם וואָס אַ מענש פאַרמאָגט; מיט געבן זיי עסן און טרינקען פונ׳ם שענסטן און בעסטן און ריינע מלבושים (מכילתא מסכתא דוישמע יתרו פרשה ח׳ פיסקא י״ב).

אויף דער שאלה, ווי ווייט עס דאַרף גרייכן דער כבוד פאַר אַ טאַטן, האָבן די חכמים געזאָגט, אַז אַ מענש דאַרף ניט שטיין אויפ׳ן פאָטער׳ס אָרט, ניט זיצן אויף זיין אָרט, ניט ווידערשפּרעכן זיינע ווערטער און ניט שטעלן זיך אויף דער זייט פונ׳ם פאָטער׳ס אַ געגנער (קדושין ל״א ע״ב).

דער פסוק זאָגט: „כבד את אביך ואת אמך״.

אויפ׳ן ערשטן „את״ האָבן די חכמים גע׳דרש׳נט, אַז עס מיינט דעם פאָטער׳ס ווייב, די שטיף־מוטער, אַז מען דאַרף איר אָפּגעבן דעם זעלבן כבוד ווי צו דער אייגענער מוטער; וועגן דעם צווייטן „את״ האָבן די חכמים געזאָגט, מיינט דאָס דער מאַן פון דער מוטער, דעם שטיף־פאָטער, וואָס מען דאַרף אים אָפּגעבן דעם זעלבן כבוד ווי דעם אייגענעם פאָטער.

וועגן דעם „וואָו״ אין וואָרט „ואת״ האָבן די חכמים דערקלערט, אַז דער מענש איז מחויב אָפּצוגעבן כבוד צו זיין עלטערן ברודער און צו זיין שוועער (מכילתא מסכתא דוישמע יתרו פרשה מ׳ פיסקא ז׳).

נישט בלויז פאַר עלטערן האָט די תורה געהייסן האָבן דרך ארץ, נאָר אויך פאַר אַ תלמיד חכם (פסחים כ״ב ע״ב). די באַגריסונג פון תלמיד־חכם איז ביים אויבערשטן פאַרעכנט ווי אַ באַגריסונג פון דער שכינה (מכילתא יתרו פרשה א׳ פיסקא י״ב).

ווער עס לערנט ביי זיין חבר איין פרק, איין הלכה, איין וואָרט אָדער אַפילו בלויז איין אות, דאַרף דער מענש אָפּגעבן כבוד צו דעם חבר ביי וועלכן ער האָט געלערנט (אבות פרק ו׳ משנה ג׳); און ווער עס ווייסט, אַז דער חבר זיינער איז גרעסער פון אים אין וויסן, אפילו בלויז אין איין ענין, דאַרף ער אים אָפּגעבן כבוד (פסחים קי״ג ע״ב).

אַ מענש איז איבערהויפּט פאַרפליכטעט אָפּצוגעבן מער כבוד צו זיין רבי׳ן ווי צו זיין פאָטער, ווייל דער פאָטער האָט אים בלויז געבראַכט צום ערדישן לעבן, און דער רבי, וועלכער לערנט מיט אים, ברענגט אים צום אייביקן לעבן (ב״מ ל״ג ע״א).

דער תנא ר׳ אליעזר בן שמוע גייט נאָך ווייטער און זאָגט, אַז די מורא פאַר׳ן רבי׳ן דאַרף זיין אַזוי גרויס ווי די מורא פאַר גאָט (אבות פ״ד משנה י״ב). און טאָמער שטייט אַ תלמיד ניט אויף פאַר זיין רבי׳ן, ווערט ער אָנגערופן רשע (קדושין ל״ג ע״א). אויך זאָגט ער, אַז ווער עס נעמט אויף אַ צאַנק מיט זיין רבי׳ן, איז דאָס גלייך ווי ער וואָלט געצאַנקט מיט דער שכינה (סנהדרין ק״י ע״ב).

„איזהו מכובד״ — זאָגט בן זומא — „ווער איז דאָס אַ בכבוד׳ער מענש — המכבד את הבריות (א) — וואָס לייגט כבוד אויף מענשן״.

---

(א) אדם לא יקרא לעבדו עבד לשון בזיון, כמבואר במכילתא משפטים, וכן לא יתן עליו עבודה שיש בה בזיון, לא ירחץ לו רגליו לא ינעול לו מנעליו ולא יטול לפניו כלים לבית המרחץ ולא יסמוך לו במתניו כגון שעולה במעלה ולא יטלנו לא בפוריון ולא בכסא ולא בלקטקא כדרך שעבדים

עושים כמבואר במכילתא הנ"ל, ואי אתה רשאי לשנותו מאומנתו ולא יושיבנו רבו באומנות משמשת לרבים כגון בלן ספר חייט טבח נחתום, אבל אם היתה זאת מלאכתו מקודם מותר כמבואר שם, ואל ימסור עליו גם מלאכות שאינה צריך, אל יאמר לו החם את הכוס הזה והוא אינו צריך הצן לי את הכוס ואינו צריך, עדור תחת הגפן עד שאבוא כי גם הוא אדם כמוך כמבואר בספרי בהר, גם לא תהא אתה תאכל פת נקיה והוא אוכל פת קיבר, אתה שותה יין ישן והוא שותה יין חדש, אתה תשן על גבי מוכין והוא ישן על גבי תבן כו', כמבואר ברמב"ם הלכות עבדים, וכן אמרו חז"ל בקידושין כ"ב דחייב האדון במזונות אשת עבדו, וכן אמרו בכתובות דספי לו מכל מינא ומינא שאתה אוכל תן גם לו, וכן יקדים מזון עבדו לסעודת עצמו, כמבואר ברמב"ם הלכות עבדים.

אדם צריך לדעת כי אם איננו נותן שכר שכיר בזמנו כשיש לו ואחרי עבודתו אצלו משך זמן ידוע יבוא לביתו אל אשתו ובניו בידים ריקניות רע ומר לו מאוד שהם מחכים אל בואו כי יביא אוכל עמו והוא הוביש תוחלתם גם ה' המשלם מדה כנגד מדה, כי אם כל המדות בטלו מדה כנגד מדה לא בטלה, ינקום ממנו נקמת העני, ועל כובשי שכר שכיר נכסי בעלי בתים יוצאין לטמיון, כמבואר בסנהדרין ד' ובב"ר ט' ובסוכה כ"ט.



## שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע װעגן מאָראַל און עטיק.

„דער װאָס ערט זיינע עלטערן" — האָט דער גריכישער פילאָ־זאָף טאלעס געזאָגט — „און ערנערט זיי אויף דער עלטער, יענעם װעלן זיינע קינדער אויך ערן און ערנערן".

סאָלאָן האָט געזאָגט: „גיב ערע דיין גאָט, האַלט טייער דיינע עלטערן און מייד אוים די װעגן פון די שלעכטע.



## כסוי הסוד — (ניט אויסגעבן קיין סודות)

לעולם הוי זהיר בסוד חבירך (א) ואל תגלהו, וחרפה גדולה היא המגלה סוד חבירו, ואפילו בשעת מריבה, שנאמר: „וסוד אחר אל-תגל: פן יחסדך שמע ודבתך לא תשוב" (משלי כ"ה ט' י').

אַ מענש זאָל ניט אויסגעבן זיין חבר'ס סודות, אפילו ווען ער צוקריגט זיך מיט אים; ווי עס ווערט געזאָגט: „אָבער אַ פרעמדנס סוד זאָלסטו ניט אַנטפּלעקן, כדי דער צוהערער זאָל דיך ניט זידלען, ווארום דיין רכילות קען ניט צוריקגענומען ווערן" (משלי כ"ה ט' י').

לעולם יכסה אדם על סוד חבירו ואל יגלהו שכל המגלה הסוד נקרא רכיל, והמכסה עליו נקרא נאמן, שנאמר: „הולך רכיל מגלה-סוד ונאמן-רוח מכסה דבר" (משלי י"א י"ג).

---

(א) אדם יזהר שבל יגלה סודו לאשתו, כי נשים דעתן קלות, ומה"ט כשרשב"י ובנו ברחו אל המערה לא רצה שתדע אשתו המקום שברחו פן יצערוה ותגלה איפה הם, כמבואר בשבת ל"ג, ובאלפסי שם פ"ג ובר"ן פ"ב דקידושין.

אדם יתנהג שמוצא שפתיו ישמור יותר ממונו לכן אל תגלה סודך לשום אדם אפילו לאוהב נאמן שלך מכמה שנים כי אם ממונך יהיו בידו הרי ידו אוחזת את כספך לבד אבל אם מסרת לו סודך אזי גם אתה גם כספך בידו והוא ימשול בך ובכל מאודך, כי גם ראשך גם מעותך בידו, ודלילה אשת שמשון יוכיח, ולכן השמר לך ושמור את לשונך מאד פן תדבר ותתחרט, כללו של דבר מאוהב תשמור עצמך יותר משונאך ואף גם אם הוא אוהב אותך כעת באמת ובכל לבו שמא ימים באים אשר יתהפך לבבו ממך וישנאך תכלית שנאה ונוסף גם הוא על שונאיך, וכן אמרו חז"ל ביבמות ס"ג רבים יהיו דורשי שלומך גלה סוד לאחד מאלף.

דע כי דבריך טרם שתוציאם מפיך אתה אדון להם אבל משתוציאם מפיך הם אדונים לך, לכן תן דעתך עד שתוציאם, כמבואר בדרא"ז פ"ב פ"ג.

פאַרדעק דיין חבר'ס געהיימניש און אַנטדעק זי ניט, ווי עס ווערט געזאָגט: „דער רכילות-טרייבער זאָגט אויס אַ סוד, אָבער דער וואָס האָט אַ טריי געמיט פאַרדעקט אַ זאַך" (משלי י"א י"ג).

גדול כסוי הסוד שכל המגלה סוד חבירו כאלו שופך דמים, שנאמר: „לא-תלך רכיל בעמיך". וסמוך ליה: „לא תעמוד על-דם רעך" (ויקרא י"ט י"ו).

דער וואָס אַנטדעקט די סודות פון זיין פריינט איז גלייך ווי ער וואָלט יענעמס בלוט פאַרגאָסן, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: זאָלסט ניט אַרומגיין מיט רכילות צווישן דיין פאָלק; זאָלסט ניט שטיין רואיק ביי דעם בלוט פון דיין חבר" (ויקרא י"ט י"ו).



# שפרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע וועגן מאראל און עטיק.

דער גריכשער פילאזאף פיטאק האט געזאגט: „זע מיט אלע מעגליכקייטן צו דערהאלטן די פריינטשאפט פון דיין פריינט. זאלסט זיך מיט אים אזוי קלוג באגיין, אז ער זאל דיך ניט קענען שאדן אויב ער וועט אמאל ווערן דיינער א פיינט”. דאס הייסט, זיי אים ניט מגלה קיין סודות.

אויך האט ער געזאגט: „האב ליב די צניעות (באשיידנקייט), די געדולד (סבלנות) און די ווארהייט. גיב אפ צוריק זער ריכטיק יעדע זאך וואס מען האט ביי דיר איינגעלייגט און זיי קיינמאל ניט מגלה דעם סוד פון אן אנדערן”.

חילא פלעגט זאגן: „דריי זאכן זענען שווער פאר א מענש: איינצוהאלטן א סוד, טראגן אויף זיך דעם יאך פון אן אנדערן און אנצווענדן יעדע צייט צום נוצן”.



# נשואי אשה — (הייראט)

לעולם ישתדל אדם לישא אשה בת טובים (א) צנועה וכשרה ממשפחה הגונה שלא יצא עליה ערעור מעולם ולא יתכוין ליפיה אלא לכשרון מעשיה, שנאמר: „שקר החן והבל היופי אשה יראת-ה' היא תתהלל", כי כשרון מעשה האשה הוא מהללה ולא יפיה, ושנוי חכמים אל תתן עיניך בנוי אלא תן עיניך במשפחה. (משלי ל"א ל', תענית כ"ז).

אַ מענש זאָל נעמען אַ פרוי וועלכע באַזיצט גוטע מדות, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „חן איז אַן אָפּנאַר און שיינקייט איז נישטיק. אַ גאָטספאָרכטיקע ווייב, זי זאָל גערימט ווערן" (משלי ל"א ל', תענית כ"ו).

לעולם ימכור אדם כל מה שיש לו וישא בת ת"ח שאם מת או גולה מובטח לו שיהיו בניו ת"ח (פסחים מ"ט).

ווען דו נעמסט אַ טאָכטער פון אַ ת"ח ביזטו זיכער, אַז דיינע קינדער וועלן אויך זיין ת"ח (פסחים מ"ט).

לעולם ידבק אדם בטובים שהרי מרע"ה נשא בת יתרו ויצא ממנו יונתן בן גרשם כהן לע"א, ואהרן ע"ה נשא אלישבע בת עמינדב ויצא ממנו פנחס (ב"ב ק"ט).

---

(א) אדם הנושא אשה צריך שיבדוק באחיה, כמבואר בב"ב ק"ו, וכן איתא בספר חסידים, אדם שיכול ליקח אשה אשר אחיה צדיקים ולקח אשה שאחיה רשעים אזי יביאו אותו לדין שגורם לעצמו שבניו דומין לאחי האם. גם ישתדל האדם שיקח אשה בת טובים שהרי משה שנשא בת יתרו יצא ממנו יהונתן, אהרן שנשא בת עמינדב יצא ממנו פינחס, כמבואר בב"ק דף קט"ו.

משה רבינו ע״ה האָט גענומען יתרו׳ס טאָכטער, איז פון אים אַרויסגעקומען יונתן, דער זון פון גרשם, און ער איז געווען אַ פּריסטער צו עבודה זרה. אהרן ע״ה האָט גענומען אלישבע, די טאָכטער פון עמינדב, איז זיין אייניקל געווען פּנחס דער כהן גדול (ב״ב ק״ט).

לעולם יהא אדם זהיר בכבוד אשתו (ב) שאין ברכה מצויה אלא בשביל אשתו, שנאמר: „ולאברם היטיב בעבורה״ (ג) (בראשית י״ב, י״ז, ב״מ נ״ט).

זיי מכבד דיין פרוי, ווארום די ברכה אין הויז קומט דורך איר, ווי עס ווערט געזאָגט: „און אברמ׳ען האָט ער באַגיטיקט פון אירעט־וועגן״ (בראשית י״ב י״ז, ב״מ נ״ט).

לעולם יאכל אדם פחות מה שיש לו וילבש כפי מה שיש לו ויכבד אשתו ובניו יותר ממה שיש לו (ד) שהם תלויין בו והוא תלוי במי שאמר והיה העולם (חולין פ״ד).

אַ מענש זאָל זיך תמיד קליידן און עסן ווייניקער וויפיל ער קען, אָבער זיין ווייב און קינדער מער ווי ער קען (חולין פ״ד).

---

(ב) אדם צריך ליזהר מאוד מאונאת אשתו שלא לצערה אפילו בדברים לפי שהאשה רכה בטבע ועל צער מעט היא בוכה. גם אין הברכה מצויה בביתו של אדם אלא בשביל אשתו וכך אמרו חז״ל לבני דורם כבדו את נשותיכם כדי שתתעשרו, כמבואר בסנהדרין צ״ב, ומאוד מאוד צריך האדם ליזהר ולהשתדל בשביל מזונותיה, כמבואר במס׳ תמורה ט״ז.

(ג) אדם בהתחייבות לאשתו וכן ההתחייבות מאשה לבעלה מקטן ועד גדול הכל נתבאר בפרטיות בש״ע אה״ע סימן ס״ט, ע׳, ע״א, ע״ב, ע״ג, ע״ד, ע״ה, ע״ו, ע״ז, ע״ח, ע״ט, פ׳, ע״ש.

(ד) אדם חייב לשמח את אשתו ובני ביתו ברגל במאי במלבושים נאים ותני רב יוסף בבבל בבגדי צבעונין ובארץ ישראל בבגדי פשתן מגוהצין, כמבואר בפסחים קט, ובכתובות אמרו הרוצה שיעדן את אשתו ילבישנה כלי פשתן.

לעולם ישתדל האשה לעשות מלאכה בתוך ביתה ולא תשב בטלה (ה) כי הבטלה מביאה לידי שעמים (פי' תמהון לב) הבטלה מביאה לידי הרהור לאיש וכ"ש לאשה שדעתה קלה. עכ"פ תעשה מלאכה בעצמה ואפי' היה לה כמה שפחות, שנאמר: „דרשה צמר ופשתים ותעש בחפץ כפיה" (משלי ל"א י"ג) בידיה ולא ע"י אחרים (כתובות נ"ט).

אַ פרוי זאָל העלפן טאָן הויז-אַרבעט אפילו ווען זי האָט אַ סך דינסטן, ווי עס ווערט געזאָגט: „זי זוכט אויף וואָל און פלאַקס און אַרבעט מיט אירע וויליקע הענט" (משלי ל"א י"ג, כתובות נ"ט).

גדול נושא אשה הגונה וכשרה שכל טובות שבעולם סובבין אותו, וכל ישראל שאין לו אשה שרוי בלא עזר כו'. (ו).

ווען דו נעמסט אַן ערליכע פרוי, האָסטו אַלע טובות פון דער וועלט דורך איר. דער וועלכער האָט ניט קיין פרוי, איז ער אָן גוטס און אָן הילף.

אוקיר לנשייכו כי היכי דתתעתרו (ב"מ נ"ט). (ז)

---

(ה) האיש לא יתן לעשות מלאכות כבדות לאשתו ומכל שכן שלא יתן עליה מלאכות האנשים, ואעפ"כ לא תניח אותה יותר מדאי להיות אוכלת ואינה עושה כלום, כמבואר בשבת ל"ג, וגם לא תתן אותה למשול גם על העבדים והשפחות להעביד אותם בפרך ולבזותם כחפצה, כמבואר בבראשית רבה פ' מ"ח.

(ו) אדם השרוי בלא אשה שרוי בלא ברכה בלא טובה בלא שמחה. רבא אמר בלא שלום, וכן כל אדם שאין לו אשה אינו אדם, כמבואר ביבמות דף ס"ב וס"ג, ובש"ע סימן א' סעיף א'. אדם ישמע לעצת אשתו ולשמוע בקולה במילי דביתא שהיא יודעת יותר בהנהגת הבית, כמבואר בב"מ נ"ט.

(ז) מה יעשה אדם ויהיו בניו עשירים ויתקיימו, יעשה חפצי שמים וחפצי אשתו, כמבואר במס' כלה. ואם אתתך גוצא גחין ולחוש לה ליטול עצה ממנה במילי דעלמא, כמבואר בב"מ דף נ"ט, ובפסיקתא זוטרתא קרח.

האַלט בכבוד דיין גוטע פרוי. דיין גליק איז נאָר צוליב איר (ב״מ נ״ט).

אשה יפה אשרי בעלה. מספר ימיו כפלים (יבמות ס״ג בשם בן סירא).

אַ גוטע פרוי פאַרלענגערט דעם מאַן די יאָרן (יבמות ס״ג).

דאָס וויכטיקסטע אינ׳ם לעבן פון אַ אידישן מענש איז הייראַט. די אויפגאַבע פון יעדן אידישן מאַן איז צו האָבן אַ חלק אין דער פאַרמערונג פונ׳ם פאָלק. דאָס אָפּהיטן די דאָזיקע אויפגאַבע פונ׳ם אידישן מאַן, צוזאַמען מיט דער נאַטירליכער פרוכטבאַרקייט פון דער אידישער פרוי, האָט געהאָלפן צו דער דערהאַלטונג פונ׳ם אידישן פאָלק דורך די צייטן פון אַלע גזרות און רדיפות.

דערפאַר איז קיין שום איד קיינמאָל ניט איינגעפאַלן דער גע־דאַנק אָפּצוהאַלטן די פאַרמערונג פונ׳ם פאָלק און עס איז אויך דאַן קיין שום איד ניט געבליבן אומפאַרהייראַט.

די מורא, אַז אידן זאָלן צוליב זייער שלעכטער פּאָליטישער לאַגע וועלן זיך שיידן פון זייערע ווייבער, (ווי עס ווערט דערציילט, אַז עס האָבן דאָס געטאָן אידן אין מצרים אין דער צייט פון פרעה׳ס גזרות) און עס זאָל קיינעם ניט איינפאַלן די טענה פון „נפשי חשקה בתורה״, אום ניט צו וועלן הייראַטן, האָבן די חכמים געזאָגט, אַז ווען בער מאַן עס לעבט אָן אַ פרוי לעבט ער אָן גוטסקייט און אָן יעדער הילף, ווייל די פרוי באַלייכט דעם מאַן די אויגן און זי שטעלט אים אויף די פיס (יבמות ס״ג).

אַ חכם האָט געזאָגט, אַז די פרוי האָט די איינציקע אויפגאַבע צו זיין ווי אַ פרוכטבאַרער וויינשטאָק, פעסט איינגעוואָרצלט אינ׳ם ווינקל פון איר הויז, ווען די פרוי דערפילט די דאָזיקע אויפגאַבע,

אנטוויקלען זיך אירע קינדער ווי יונגע אויל-בירטן-בוימעלעך, וועלכע זענען פארשיידענארטיק אין זייער פרוכט: געוויסע זענען גוט צו עסן פרישערהייט, אנדערע זענען גוט צו געברויכן געטרוקנטע, און אנדערע ברענגען ארויס דעם שענסטן אויל צום לויכטן. אזוי זענען אויך די קינדער פון אזא פרוי: טייל זענען געלערנט אין תנ"ך, אנדערע זענען געלערנט אין דער משנה און נאך אנדערע זענען גע־לערנט אין גמרא, אדער זיי זענען פארשטענדיק אין פארשיידענע געשעפטן (תנא ד"א פ' י"ח).

ביי א שמועס וועגן דעם זעלבן ענין האט דער תנא ר' עקיבא געפרעגט: „ווער קען זיך רעכענען פאר אן עושר?" און ער האט אויף דעם אליין געענטפערט: „דער וואס האט א פרוי מיט שיינע מעשים" (שבת כ"ח ע"ב).

אזוי איז אויך געזאגט געווארן אויפ'ן נאמען פון בן סירא: „א גוטע פרוי איז די בעסטע מתנה. וואויל איז צו איר מאן. די טעג פון זיין לעבן זענען געטאפעלט אין זייער צאל" (יבמות ס"ג ע"ב).

אויף דעם פסוק אז „אלע טעג פונ'ם ארימאן זענען שלעכטע" — האבן די חכמים געענטפערט, אז דאס איז געזאגט וועגן א מאן וואס האט א שלעכטע פרוי (ב"ב קמ"ח ע"ב).

דער פרידן צווישן מאן און פרוי ברענגט דערצו, אז די שכינה זאל רוען איבער זיי, די חכמים זאגן, אז ווען עס איז ניטא קיין פרידן צווישן מאן און פרוי, ווערן זיי ווי פון א פייער אויפגעפרעסן. (סוטה י"ז).

דערקלערט דאס אן אנדערער פון די חכמים, אז אזוי ווי א מאן הייסט אין העברעיש „איש" און א פרוי „אשה", האבן זיי ביידע אין זייערע נעמען די צוויי ערשטע אותיות פונ'ם שם הוי"ת. דאס איז נאר אזוי לאנג ווי זיי גייען אינ'ם אויבערשטנ'ס וועגן, און זיי היטן

אָפּ זיין געבאָט צו לעבן אין פרידן. נאָר אין דער צייט פון זייער שלום איז דעם אויבערשטן׳ס נאָמען אַריינגעגעבן צווישן זיי און ער היט זיי אָפּ פון יעדער צרה. האָבן זיי אָבער ניט קיין פרידן, נעמט דער אויבערשטער פון זיי אַוועק די אותיות פון זיין נאָמען און עס בלייבט ביי זיי בלויז דאָס וואָרט „אש״ (פייער) פון וועלכן זיי ווערן דאַן ביידע פאַרצערט (פרקי דר׳ אליעזר פרשה י״ב).



# שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
# וועגן מאָראַל און עטיק.

א געוויסער מענש האָט זיך אַמאָל אַן עצה געהאַלטן מיט דעם גריכישן פילאָזאָף פיטאַק, וועלכע פון די צוויי פרויען וואָס מען רעדט אים זאָל ער נעמען פאַר אַ ווייב: יענע וואָס איז זיין גלייכן, אָדער די וואָס איז גרעסער פון אים. האָט זיך פיטאַק אָנגעבייזערט אויף אים, און צייגענדיק זיין שטעקן, אַזוי ווי ער וואָלט אים געוואָלט שלאָגן, האָט ער צו אים געזאָגט: „גיי צו די קינדער וואָס זיצן דאָרט און שפּילן זיך אין זאַמד, וועסטו הערן פון זיי אַן עצה".

איז דער מאַן צוגעגאַנגען צו די קינדער, און ער האָט געהערט ווי איין קינד זאָגט צום צווייטן: „גיי צו דיין גלייכן"; אַ גרעסערער צו אַ גרויסן, און אַ קלענערער צו אַ קליינעם.

ווען מען האָט געפרעגט פיטאַק'ן וועלכע זאַכן ענדערן זיך זער שנעל, האָט ער געענטפערט: „די וואַסער און די פרויען".

דער פילאָזאָף קליבולו האָט געזאָגט: „נעם דיר אַ ווייב וואָס איז דיין גלייכן. אויב דו וועסט נעמען אַ ווייב פון אַ העכערן שטאַנד איז וויפיל קרובים זי האָט, אַזוי פיל פריצים וועסטו האָבן איבער זיך".

אויך האָט ער געזאָגט: „זאָלסט דיין ווייב ניט צופיל ליבן פאַר פרעמדע מענשן . . . און ניט אויסרעדן וואָס . . . ווייל דורך דער ערשטער זאַך וועסטו זיך זער מבזה זיין און דורך דער צווייטער וועסטו אַרויסווייזן דיין שאַנד".

פּלאַטאָן האָט געזאָגט: „כדי דער מענש זאָל קענען מיטשטימען מיט דער מענשלאַכער געזעלשאַפט, מוז ער נעמען אַ ווייב און היטן דעם דת".

# דיין — (ריכטער)

לעולם יהא הדיין זהיר בדין, שבשכר הדין נתן הקב"ה תורתו לישראל, שנאמר: „ועז מלך משפט אהב אתה כוננת מישרים משפט וצדקה ביעקב אתה עשית" (תהלים צ"ט ד'), ועוז זו תורה, שנאמר: „ה' עוז לעמו יתן" (תהלים כ"ט י"א).

אַ דיין זאָל תמיד ערליך משפט'ן, ווייל צוליב דעם ערליכן משפט האָט גאָט געגעבן די תורה צו די אידן, ווי עס שטייט אין פסוק: און די שטאַרקייט פון דעם מלך וואָס האָט ליב גערעכטיקייט. דו האָסט אויפגעשטעלט יושר רעכט און גערעכטיקייט האָסטו אין יעקב געטאָן" (תהלים צ"ט ד'), און שטאַרקייט מיינט די תורה, ווי עס ווערט געזאָגט: „גאָט וועט זיין פאָלק געבן שטאַרקייט" (תהלים כ"ט י"א).

גדול המשפט שקרא הקב"ה שם כסאו משפט, שנאמר: „צדק ומשפט מכון כסאך" (תהלים פ"ט ט"ו).

גרויס איז גערעכטיקייט. גאָט'ס טראָן ווערט אָנגערופען „משפט" (גערעכטיקייט), ווי עס ווערט געזאָגט: „רעכט און גערעכ־טיקייט זענען דאָס געשטעל פון דיין טראָן" (תהלים פ"ט ט"ו).

גדול המשפט שהשונא אותו אין רפואה למכתו, שנאמר: „האף שונא משפט יחבוש" (איוב ל"ד י"ז), ואין חבושה אלא רפואה, שנאמר: „ומחבש לעצבותם" (תהלים קמ"ז).

עס איז קיינמאָל קיין רפואה ניטאָ פאַר דעם וואָס האָט פיינט גערעכטיקייט, ווי עס ווערט געזאָגט: „צי קען גאָר אַ פיינט פון גע־רעכטיקייט הערשן?" (איוב ל"ד י"ז), און „חבושה" מיינט רפואה,

ווי עס שטייט אין פסוק: „און פארבינט זייערע וואונדן" (תהלים קמ"ז ג').

גדול משפט שלא חזר העולם לתהו ובהו אלא על המשפט, והיכן, בדור המבול, שנאמר: „מבלי משים לנצח יאבדו" (איוב ד' כ'). המשים הזה אין אנו יודעים מה הוא אלא שלמדנוהו בואלה המשפטים אשר תשים וגו' הרי המשים הוא הדין.

דער דור המבול איז אומגעקומען צוליב דעם וואס ער איז געווען אן משפט.

גדול המשפט שבו נמחלין עונותיהן של ישראל, שנאמר: „אם רחץ ה' את צואת בנות-ציון ואת-דמי ירושלים ידיח מקרבה ברוח משפט" (ישעיה ד' ד').

גרוים איז דער משפט וואס דורך אים איז מען מוחל די זינד פון די אידן, ווי עס שטייט אין פסוק: „ווען גאט האט אפגעוואשן דעם קויט פון די טעכטער פון ציון, און דאס בלוט פון ירושלים שווענקט ער אפ פון איר, מיט א ווינט פון גערעכטיקייט" (ישעיה ד' ד').



## שפרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
## וועגן מאָראַל און עטיק.

דער גריכישער פילאָזאָף ביאם פלעגט זאָגן: „עס איז פיל לייכטער דעם דיין צו מאַכן אַ פשרה צווישן זיינע שונאים, ווי צווישן זיינע גוטע פריינט; ווייל אין ערשטן פאַל (צווישן זיינע שונאים) וועט אים ווערן איינער פון זיי אַ גוטער פריינט, אָבער אין דעם אנדערן פאַל (צווישן זיינע גוטע פריינט) וועט דאָך אים איינער, (דער געקריוודעטער) ווערן אַ שונא.



# לשון הרע

לעולם אל יספר אדם לשון הרע (א) דאמר רבי פדת, ברית כרותה נתן הקב״ה בעולם, שכל מי שמספר לשון הרע ילקה בצרעת, שנאמר: „זאת תהיה תורת המצורע״ (ויקרא י״ד ב׳).

רעד ניט קיין לשון הרע, ווארום דער וועלכער רעדט לשון הרע ווערט געשלאגן מיט אַ צרעת (ויקרא י״ד ב׳).

לעולם ישמר אדם פיו ולשונו, ואל יספר לשון הרע, שכל המספר לשון הרע גורם לעצמו פשעים ועונות לאין תכלית, אמר ריש לקיש כל המספר לשון הרע מגדיל עונות עד לשמים, שנאמר: „שתו בשמים פיהם ולשונם תהלך בארץ״ (תהלים ע״ג ט׳). אמר רב חסדא אמר מר עוקבא, כל המספר לשון הרע אמר הקב״ה לגיהנם, אני מלמעלה ואתה מלמטה לדונו, שנאמר: „חצי גבור שנונים עם גחלי רחמים״ (תהלים ק״כ ד׳). גבור זה הקב״ה, שנאמר: „ה׳ כגבור יצא כאיש מלחמות יעיר קנאה יריע אף־יצריח על־אויביו יתגבר״ (ישעיה מ״ב י״ג).

אַ מענש זאָל ניט רעדן קיין לשון הרע. דער וועלכער רעדט לשון הרע מאַכט גרויס זיינע זינד ביז צום הימל, ווי עס שטייט אין פסוק: „זיי שטעלן אַן קעגן הימל זייער מויל, און זייער צונג גייט אום אויף דער ערד״ (תהלים ע״ג ט׳).

---

(א) אם שמרת פיך מלשון הרע תהא כל ימיך לשלום כי כשישמור האדם א״ע מלשון הרע ישמור מצרות נפשו, כמבואר בדרא״ז פ׳ ט׳ ובמדרש עשרת הדברות, וכבר אמרו חז״ל בערכין ט״ו לשון תליתאי קטיל הורג לשלשה למספריו ולמקבלו ולאומרו ע״ש.

גדול ענשו של לשון הרע מעונש ע"א, ג"ע וש"ד. מע"א דכתיב: „אנא חטא העם הזה חטאה גדולה ויעשו להם אלהי זהב" (שמות ל"ב ל'). גלוי עריות: „ואיך אעשה הרעה הגדולה הזאת וחטאתי לאלהים" (בראשית ל"ט ט'). ש"ד: „ויאמר קין אל-ה' גדול עוני מנשוא" (שם ד' י"ג), בכולן נאמר גדול או גדולה ובלשון הרע גדולות, שנאמר: „יכרת ה' כל-שפתי חלקות לשון מדברת גדולות" (תהלים י"ב ד', ערכין ט"ו).

די שטראָף פון לשון הרע איז גרעסער ווי די שטראָף פון עבודה זרה, גלוי עריות און שפיכת דמים. פון עבודה זרה, ווי עס שטייט: „האָט משה זיך אומגעקערט צו גאָט, און האָט געזאָגט: „איך בעט דיך, דאָס דאָזיקע פאָלק האָט געזינדיקט אַ גרויסע זינד, און זיי האָבן געמאַכט אַ גאָט פון גאָלד" (שמות ל"ב ל"א); פון גלוי עריות: „האָט ער (יוסף) ניט געוואָלט, און ער האָט געזאָגט צו זיין האַר'ס ווייב: „זע, מיין האַר ווייס ניט לעבן מיר וואָס אין הויז טוט זיך, און אַלץ וואָס ער האָט, האָט ער איבערגעגעבן אין מיין האַנט, ער איז אין דעם דאָזיקן הויז ניט גרעסער פון מיר, און ער האָט ניט פאַרמיטן פון מיר קיין זאַך. נאָר בלויז דיך, ווייל דו ביזט זיין ווייב. היינט, ווי קען איך טאָן דאָס דאָזיקע גרויסע בייז און זינדיקן צו גאָט?" (בראשית ל"ט ח' ט'); פון שפיכת דמים: „האָט קין געזאָגט צו גאָט: „מיין שטראָף איז צו גרוים אַריבערצוטראָגן" (בראשית ד' י"ג).

ביי די אַלע שטייט „גדול" אָדער „גדולה" און ביי לשון הרע שטייט „גדולות": „פאַלש רעדן זיי איינער מיט'ן אַנדערן, מיט אַ גלאַטער ליפּ, מיט אַ צווייאיקן האַרצן רעדן זיי. גאָט זאָל פאַרשניידן אַלע גלאַטע ליפּן, די צונג וואָס רעדט גרויס!" (תהלים י"ב ג' ד', ערכין ט"ו).



## שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
## וועגן מאָראַל און עטיק.

דער גריכישער פילאָזאָף חילא האָט געזאָגט: „דער שטייגער פון דער חכמה איז צו האַלטן די צונג אין צוים און בפרט נאָך בשעת מען איז אויף אַ מאָלצייט ביי אַ שמחה".

קליבולו האָט געזאָגט: „דו זאָלסט שטענדיק רעדן ווייניק, הערן אַ סך און קיינעם אין דער וועלט באַרעדן".

מען האָט געפרעגט דעם גריכישן פילאָזאָף אנחרזי: „וואָס איז אין דעם מענשן דאָס בעסטע און דאָס ערגסטע?" „די צונג" — האָט ער געענטפערט.

זינא האָט געזאָגט: „עס איז גלייכער געשטרויכלט צו ווערן דורך די פיס ווי דורך דער צונג".



# גידול בנים — (קינדער דערציאונג)

לעולם ישתדל אדם לרדות את בנו בקטנותו (א) שמתוך כך נמצא מזרזו בגדלותו.

לערן דיין קינד ווען ער איז יונג, כדי ער זאל פארשטיין ווען ער איז עלטער.

לעולם אל ישנה אדם את בנו בין הבנים שבשביל ב׳ סלעים מילת שהוסיף יעקב ליוסף נתגלגל הדבר וירדו אבותינו למצרים (שבת י׳ ע״ב).

זאלסט ניט האנדלען אנדערש מיט איין קינד ווי מיט דעם צווייטן, כדי עס זאל קיין קנאה ניט זיין צווישן זיי (שבת י׳ ע״ב).

לעולם ילמד אדם את בנו אומנות נקיה (ברכות ס״ג).

---

(א) אדם יזהר שלא להכות את בנו הגדול, ואין גדלות זה תלוי בשנים אלא הכל לפי טבעו של הבן, כל שיש לחוש בו שיתרים כנגדו בדבור או במעשה אפילו אינו בר מצוה יזהר מלהכותו אלא יוכיחו בדברים, וכל המכה את בנו הגדול היו מנדין אותו שהרי עובר על לפני עור כו׳, כמבואר בש״ע סימן ר״מ, ובדבר העונש לא מקרי גדול רק אחר כ״ב שנים או כ״ד שנים והוא כשלא נשא, אבל אם הוא נשוי נקרא גדול בעיני הבריות וכפי לשון בני אדם, ע״ש בפ״ת בשם מהרש״ל.

הנותן מזונות לבניו ובנותיו הגדולים שהוא אינו חייב במזונותיהם מ״מ מחזיק להם כדי שהבנים ילמדו תורה והבנות תלכנה בדרך ישרה הרי זה בכלל צדקה, ובפרטיות היטב מבואר בש״ע יו״ד סימן רנ״א ובש״ע אה״ע סימן ע״א.

אדם צריך ליזהר שלא יאמר לבנו הקטן הא לך דבר זה ואח״כ לא יתן לו משום מדבר שקר תרחק, ועוד שלא יבוא זה התינוק להרגיל א״ע בשקרים, כמבואר בסוכה מ״ו.

תמיד לערן דיין קינד אַ גרינגע, שיינע מלאכה (ברכות ס״ג).

לעולם ילמד אדם את בנו אומנות נקיה ויבקש רחמים ממי שהעושר שלו, שאין לך אומנות שאין בה עניים ועשירים, ואין העושר אלא ממי שאמר והיה העולם, שנאמר: „לי הכסף ולי הזהב נאם ה׳ צבאות״ (חגי ב׳ ח׳, קדושין פ״ב).

לערן דיין זון אַ שיינע מלאכה און בעט צו גאָט, אַז ער זאָל האָבן הצלחה אין זיין אַרבעט, ווארום עס איז ניטאָ קיין מלאכה וואָס ביי איהר זאָל זיך ניט געפינען אָרעמע און רייכע; און רייכקייט איז נאָר פון גאָט, ווי עס ווערט געזאָגט; „מיין איז דאָס זילבער, און מיין איז דאָס גאָלד, זאָגט גאָט פון צבאות״ (חגי ב׳ ח׳, קדושין פ״ב).

לעולם ילמד אדם את בנו תורה ומלאכה שיתפרנס בה ואל יחוס לעושר, שאין לך עושר בעולם כעושרה של תורה, שנאמר: „אורך ימים בימינה בשמאולה עושר וכבוד״ (משלי ג׳ י״ו), וכתיב: „יקרה היא מפנינים וכל-חפציך לא ישוו-בה״ (שם ג׳ ט״ו).

אַ מענש זאָל לערנען זיין זון תורה און אַ מלאכה, און ער זאָל ניט טראַכטן וועגן רייכטום. עס איז ניטאָ קיין גרעסערע רייכקייט אויף דער וועלט ווי תורה, ווי עס שטייט אין פסוק: „אריכת-ימים איז אין איר רעכטער האַנט, אין איר לינקער עשירות און כבוד״ (משלי ג׳ י״ו). עס שטייט אויך: „זי איז טייערער פון פערל און אַלע דיינע חפצים זענען ניט גלייך צו איר״ (דאָרט ג׳ ט״ו).

לעולם ישתדל אדם וילמד את בנו תורה ולהדריכו על הדרך הישרה ואעפ״י שטורח גדול וקשה עד מאוד אפ״ה אל יתרשל בו ואם עשה כן אשריו וטוב שכרו הרבה מאוד.

אַ מענש זאָל זיך תמיד מיען צו לערנען זיין קינד גיין אין ריכטיקן וועג, אפילו ווען דאָס איז אים שווער צו טאָן. דורך דעם וועט אים גוט זיין און דער פאַרדינסט וועט זיין אַ גרויסער.

גדול שכר גידול בנים על הדרך הנכונה ואעפ״י שצער גידול בנים קשה אפ״ה אל יתרשל אדם בגידול בניו. ארשב״א נוח לו לאדם לגדל הרבה זתים אעפ״י שטורח גדול הוא. לגיון אחד של זתים בגליל ואל יגדל תינוק אחד בארץ ישראל.

גרוים איז דער פארדינסט פון גוטער קינדער דערציאונג. דאס איז זער א שווערע אויפגאבע, דאך זאל זיך קיין מענש ניט אפזאגן דערפון.

איזהו עם הארץ, כל שיש לו בנים ולא מגדלן לתורה. (סוטה כ״ב).

ווער איז א עם הארץ? דער וועלכער לערנט ניט זיינע קינדער. (סוטה כ״ב).

דברים שאדם אוכל פירותיהם בעולם הזה והקרן קיימת לעולם הבא—זה המגדל בניו לתלמוד תורה (שבת קכ״ז).

די זאכן וואס א מענש פארזוכט אין דער יוגנט איז דער גרונט-קאפיטאל וואס בלייבט אים אויף דער צוקונפט. דערפאר מוז מען קינדער געבן א גוטע דערציאונג (שבת קכ״ז).

די דערציאונג פון קינדער איז זער וויכטיק, גלויבן אונזערע חכמים. און דער עיקר אין דער דאזיקער דערציאונג איז דאס לערנען דעם אויבערשטנס תורה. „אזוי ווי א קינד הויבט נאר אן צו רעדן״ — האט איינער פון די חכמים געזאגט — „דארף דער פאטער זיינער אנהויבן מיט אים רעדן אויף לשון-הקודש און לערנען מיט אים תורה, ווייל ווער עס רעדט ניט מיט זיין זון אויף לשון הקודש, און לערנט מיט אים ניט קיין תורה, איז דאס גלייך ווי ער וואלט דאס קינד מיט די אייגענע הענט געטויטעט״. (ספרי פרשה עקב פיסקא מ״ו). און ווער עס לערנט מיט זיין זון תורה, ווערט דאס אים פארעכנט גלייך

ווי ער וואָלט געלערנט מיט זיין זון און מיט דעם זון פון זיין זון ביז צו ענדע פון אַלע דורות (קדושין ל׳ ע״ב).

וועגן דעם זעלבן ענין האָט דער תנא ר׳ יוחנן געזאָגט: „דער וואָס דערציט זיינע קינדער אין די וועגן פון דער תורה איז זוכה צו עולם הבא״ (פּסחים קי״ג ע״א). די גאַנצע וועלט האַלט זיך בלויז אויפ׳ן זכות פון די קינדער׳ס דעך, וואָס קומט אַרוים פון זייער מויל ביים לערנען, אפילו ווען מען האַלט ביים בויען דעם בית־המקדש. טאָמער געפינט זיך אַ שטאָט וואו עס הערט זיך ניט דער קלאַנג פון קינדערשן לערנען, מוז אַזאַ שטאָט חרוב ווערן (שבת קי״ט ע״ב).

זער וויכטיק זענען דערפאַר, ביי אונזערע חכמים, די לערער. ווען עס רעט זיך וועגן די „היטער פון שטאָט״ מיינט עס די לערער פון די דאָרטיקע קינדער (ירושלמי חגיגה פרק א׳ הלכה ז׳). אַנדערע רופן די לערער די „גערטנער פון לעבנס־טייך״ ווייל זיי ציען אַרויס פון די קינדער׳ס הערצער אַלערליי חכמה און פאַרשטאַנד, די קינדער זאָל פאַרשטיין צו טאָן דעם ווילן פון זייער פאָטער אין הימל (תנא דבי אליהו פרשה ב״א).

אַנדערע רופן די לערער פון דער יוגנט „די בוי־מייסטער״, ווייל זיי באַשעפטיקן זיך מיט׳ן אויפבוי פון דער וועלט (שבת קי״ד ע״א).

עס ווערט דערציילט, אַז עס איז אַמאָל געווען איינגעפירט, אַז וועלכעס קינד עס האָט געהאַט אַ פאָטער, האָט דער פאָטער מיט אים געלערנט תורה. איז אָבער געווען אַ קינד וואָס האָט ניט געהאַט קיין פאָטער, האָט מען שוין מיט אים ניט געלערנט. שפּעטער האָט מען איינגעאָרדנט לערער פאַר די דאָזיקע קינדער אין יעדן דיסטריקט, אין יעדער שטאָט און אין יעדן פּראָווינץ, וואו מען פלעגט זיי ברענגען זיי זאָלן לערנען, ווען זיי זענען אַלט געווען זעקס אָדער זיבן יאָר. (ב״ב כ״א ע״ב).

וועגען דעם זעלבן ענין האָט דער תנא ר׳ יוסי געזאָגט, אַז יעדער מענש איז מחויב צו לערנען ווייל מען טאָר זיך ניט איינרעדן, אַז די תורה קומט בירושה (אבות פ״ב משנה י״ב). האָט אויף דעם אַ גרויסער חכם געזאָגט, אַז מען דאַרף זיין אָפּגעהיט מיט די קינדער פון אָרימעלייט, ניט צו באַליידיקן זיי, ווייל די תורה קומט געוועגליך ארויס פון זיי (נדרים פ״א ע״א). אויך דאַרף מען זיין אָפּגעהיט ביי די קינדער פון די עמי־ארצים, ווייל עס קען אפילו פון זיי ארויס־קומען די תורה (סנהדרין צ״ו ע״ב).

און גלייך ווי אַ מענש איז פאַרפליכטעט צו לערנען מיט זיין זון תורה, אַזוי איז ער אויך פאַרפליכטעט צו לערנען דעם זון אַ מלאכה, ווייל ווער עס לערנט ניט זיין זון אַ מלאכה, איז דאָס גלייך ווי ער וואָלט אים געלערנט רויבעריי (קדושין כ״ט ע״א, ל׳ ע״ב).

דאָס לערנען אַ מלאכה איז — לויט דער מיינונג פון אונזערע חכמים — זער אַ גרויסע זאַך. אַ מלאכה גיט ניט בלויז פרנסה צו דעם וואָס גיט זיך אָפּ מיט איר, נאָר זי גיט אים אויך כבוד (נדרים מ״ט ע״ב). די חשיבות פון אַ מענש וואָס לעבט פון דער מי פון זיינע הענט איז גרעסער ווי די חשיבות פון אַ פרומען (ברכות ה׳ ע״א). און לויט דער מיינונג פון רבן גמליאל דעם זון פון ר׳ יהודה הנשיא איז לערנען אָן אַ מלאכה גאָרניט ווערט, ווייל עס מוז בטל ווערן און עס פירט צו זינד (אבות פרק ב׳ משנה ב׳).

אַ מענש דאַרף שטאַרק אָפּהיטן די דערציאונג פון זיינע קינדער. ווי דער פסוק זאָגט: „חנוך לנער על פי דרכו״, וואָס מיינט: „ווען דו דערציסט דיין זון אין דער תורה ווען ער איז יונג וועט ער שפּעטער ווייטער וואַקסן אויף דעם זעלבן שטייגער און ווען ער וועט עלטער ווערן וועט ער אויך ניט אָפּטרעטן פון דער תורה״ (מדרש משלי פרשה כ״א).

## שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
## וועגן מאָראַל און עטיק.

צו אַנטיסטענעס'ן (סאָקראַטעס'עס תלמיד) האָט איינער אַמאָל געבראַכט זיינעם אַ זון, אַז ער זאָל אים אַריינעמען אין זיין שולע, און האָט אים דערביי געפרעגט וואָס ער זאָל אָנגרייטן צום לערנען. האָט אים אַנטיסטענעס געענטפערט: „אַ נייעם אומבאַשריבענעם בוך, אַ נייע פען צו שרייבן און אַ נייעם טאָוול צום צייכנען". דערמיט האָט ער געמיינט, אַז דער זון מוז זיין צום לערנען ריין פון אַנדערע דעות ווי אַ ריינער פּאַפּיר, ווי אַ ריינע נייע פעדער און ווי אַ ריינער שרייב טאָוול וואָס זיין וואַקס איז נאָך ניט באַשמוצט (פאַרצייטיקע שרייב־טאָוולען זענען געווען באַצויגן מיט וואַקס און מען פלעגט אין זיי קריצן מיט אַ גריפל).

אַריסטאָטל האָט געזאָגט: „קינדער מוזן האָבן דריי זאַכן. שכל, דערציאונג און מוסר. די לערער וואָס דערציען זיי ווי עס דאַרף צו זיין זענען וויכטיקער פון די עלטערן וואָס האָבן זיי געבוירן, ווייל די עלטערן האָבן זיי נאָר געגעבן לעבן. די לערער אָבער, האָבן זיי געגעבן אַ גליקליך לעבן".

צענאָ פון עלעאַ פלעגט זאָגן: „עס איז קיין זאַך מעהר שעדליך ווי צו דערציען קינדער זער פאַרצויגן. מען דאַרף זיי דערציען מיט געשמאַק, אָבער ניט פאַר דער צייט".

# שלום

לעולם יהא אדם אוהב שלום (א) ורודף שלום, הלל אומר, הוי מתלמידיו של אהרן אוהב שלום וכו'. רשב"ג אומר על שלשה דברים העולם קיים: על הדין ועל האמת ועל השלום.

א מענש זאל תמיד ליב האבן און נאכיאגן דעם שלום.

הלל זאגט: „זיי פון די תלמידים פון אהרן, וועלכער האט ליב געהאט שלום".

רשב"ג זאגט: „אויף די דריי זאכן שטייט די וועלט: אויף דין, אויף אמת און אויף שלום".

גדול השלום ששם הקב"ה שנכתב בקדושה ימחה על המים להטיל שלום בין איש לאשתו. ר"מ היה יושב ודורש בליל שבת והיתה אשה אחת שם ששומעת קולו וערב לה המתינה שם עד שנשלם והלכה לביתה ומצאה הנר שכבה, אמר לה בעלה, היכן היית, אמרה לו, הייתי יושבת ושומעת קולו של דרשן אחד, נשבע לה שלא תכנסי לשם עד שתרוקי בפניו. טרדה גרשה מביתו ועשתה ג' חדשים חוצה

(א) לעולם אל ישנה אדם מן המנהג שהרי משה עלה למרום ולא אכל לחם, מלאכי השרת ירדו למטה ואכלו לחם, כמבואר בב"מ פ"ו, וכן אדם לא ישנה מפני המחלוקת, אמנם לא אמרינן זה אלא דוקא כשבא להקל ממנהג מקומו במילתא דנהגו שם איסורא אבל במילתא דמעיקר הדין הוא איסורא אף דאין איסורא אלא מדרבנן אין ספק דבזה לא שייך לומר גדול השלום, אדרבא יתקוטט עמהם ולא יעבור על דרבנן, דאי לא תימא הכי אטו מי שהולך למקום שנהגו לשתות סתם יינם ישתה גם הוא עמהם מפני השלום? לכך, בודאי בכה"ג, לא שייך זה, כמבואר בפר"ח או"ח סימן תצ"ו, ועיין בתוספת פסחים דף נ"ב.

עד ששמע ר"מ, בא אליה ומצאה עם הנשים, אמר, שמא יש בכם מי שיודעה ללחוש את העין שעיני (ר"ל שיש לו כאב בעין) מרדה עלי. אמרו לה שכינותיה, הרי המקום כבר עשה רצונך להכשילו ותרוקי בפניו ותצא, אמר לה ר"מ אמור לבעליך אמרי, אתה אמרת פעם אחת כבר רקקתי שבע פעמים. אמרו לו תלמידיו כל כך בזית את התורה. אמר להם דיו לעבד להיות כרבו לא די למאיר שיהא שוה לקונו שהרי שמו הגדול שנכתב בטהרה בפרשת סוטה ימחה על המים כדי להטיל שלום בין איש לאשתו. לעשות שלום לכל העולם כולו על אחת כמה וכמה (סוכה נ"ג, מכות י"א, חולין קמ"א, ויק"ר פ"ט ט', ספרא נשא פיסקא מ"ב).

גרויס איז דער שלום. צוליב שלום מאַכן צווישן מאַן און ווייב איז רעכט ביי גאָט, אַז עס זאָל אָפּגעמעקט ווערן זיין הייליקער נאָמען אין וואַסער וואָס דער כהן גיט צו טרינקען אַ סוטה (אַ פרוי וואָס דער מאַן איז איר חושד). (במדבר ה').

ר' מאיר איז געווען אַן אויסגענומענער דרשן, און מיט זיינע שיינע רעדעס און צוגעפּאַסטע משלים פלעגט ער צוציען דעם עולם. איינמאָל פרייטאָג-צו-נאַכטס, ביי זיינער אַ דרשה, האָט אַ פרוי זיך פאַרטיפט אין הערן און איז פאַרזעסן אין בית-המדרש ביז שפּעט אין דער נאַכט.

געקומען אַהיים, האָט זי שוין געטראָפן די ליכט אויסגעלאָשן. פרעגט ביי איר דער מאַן: „זאָג נאַר, וואו ביזטו ביז איצט געווען?" ענטפערט זי: „איך האָב געהערט ר' מאיר'ס דרשה". דער איד איז אָבער געווען אַ לץ, רופט ער זיך אָן צום ווייב: זאָל איך אַזוי און אַזוי, אויב דו וועסט פאַרבלייבן ביי מיר אין שטוב ביז דו וועסט ניט גיין אָנשפּייען דעם דרשן דיינעם אין פּנים".

דרייט זי זיך אַרום איין וואָך, צוויי און דריי. זאָגן צו איר די שכינות: „וואָס הייסט, איר זענט נאָך אַלץ צווישן זיך ברוגז? קום, מיר גייען מיט דיר צום דרשן".

ר׳ מאיר האָט שוין געוואוסט וועגן דער מעשה און ווי די ווייבער זענען צו אים אַריינגעקומען, האָט ער זיך געמאַכט קראַנק אויף די אויגן, און האָט זיי געפרעגט: „אפשר איז גראָד דאָ צווישן אייך איינע אַ געניטע אין אָפּשפּרעכן אַן אויג?"

די שכינות האָבן דאָס אויפגעכאַפּט און געזאָגט שטילערהייט צו דער פרוי: „גיי דו, שפּרעך אים אָפּ און שפּיי־אויס אין אויג, וועט דער מאַן מיט דיר שלום ווערן".

איז די פרוי צוגעגאַנגען צו ר׳ מאיר׳ן, און ווי זי האָט זיך געזעצט פאַר אים איז אָנגעפאַלן אויף איר אַ שרעק. „רבי" — האָט זי אים געזאָגט דעם אמת — „איך קען ניט אָפּשפּרעכן קיין אויג".

„ניש־קשה" — האָט ר׳ מאיר געענטפערט — „שפּיי אויף מיר אויס זיבן מאָל וועל איך געניזן ווערן".

האָט זי אַזוי געטאָן. „איצט" — האָט ר׳ מאיר געזאָגט — „גיי אַהיים און זאָג דעם מאַן דיינעם: דו האָסט געהייסן אים נאָר איינמאָל אָנשפּייען און איך האָב עס געטאָן זיבן מאָל".

וואונדערן זיך די תלמידים: „רבי, אַזוי איז מען מבזה די תורה?" — ענטפערט ער זיי: „וועניג כבוד אפשר פאַר מאיר׳ן גלייך זיין צום באַשעפער זיינעם? צוליב שלום מאַכן צווישן מאַן און ווייב איז רעכט ביי גאָט, אַז עס זאָל אָפּגעמעקט ווערן אין וואַסער זיין הייליק־אויפגעשריבענער גרויסער נאָמען (סוכה נ״ג, מכות י״א, חולין קמ״א, ויק״ר פ״ט ט׳, ספרא נשא פיסקא מ״ב).

גדול השלום שלא התחיל הקב״ה לבראת דבר בעולמו אלא בדבר שהוא שלום ואיזה זה האור, שנאמר: „ויאמר אלהים יהי אור" (בראשית א׳ ג׳) ומנין שהוא שלום, שנאמר: „יוצר אור ובורא חשך עושה שלום" (ישעיה מ״ה ז׳). מכאן אז״ל נר ביתו וקידוש היום

נר ביתו עדיף משום שלום ביתו, פי׳ האור נקרא שלום, לפי׳ מקדישין הנר שהוא אור ושלום ליין. רבי שמעון בן חלפתא אומר מנין שאין כלי מחזיק ברכה אלא שלום, שנאמר: „ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את-עמו בשלום״ (תהלים כ״ט י״א, שבת כ״ג, משנה סוף עוקצים).

גרוים איז דער שלום. גאָט האָט אָנגעפאַנגען באַשאַפן די וועלט מיט אַ זאַך וואָס איז שלום. דאָס איז ליכט, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „האָט גאָט געזאָגט: זאָל ווערן ליכט״.

און פון וואַנען ווייס מען, אַז ליכט איז שלום? ווערט געזאָגט: „דער וואָס פורעמט ליכט, און באַשאַפט פינסטערניש, מאַכט פריד״.

רבי שמעון זאָגט; אַז ברכה איז נאָר פון שלום, אַזוי ווי עס שטייט: „גאָט וועט זיין פאָלק געבן שטאַרקייט. גאָט וועט בענשן זיין פאָלק מיט שלום״ (בראשית א׳ ג׳, ישעיה מ״ה ז׳, תהלים כ״ט י״א, שבת כ״ג, משנה סוף עוקצים).

גדול השלום כשמלך המשיח בא אינו פותח תחילה אלא בשלום, שנאמר: „מה-נאוו על-ההרים רגלי מבשר משמיע שלום מבשר טוב משמיע ישועה אמר לציון מלך אלהיך״ (ישעיה נ״ב ז׳).

גרוים איז דער שלום. אַז דער מלך המשיח וועט קומען, וועט ער אָנפאַנגען נאָר מיט שלום, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „ווי שיין זענען אויף די בערג די פיס פון דעם אָנזאָגער וואָס לאָזט הערן שלום, וואָס זאָגט אָן גוטס, וואָס לאָזט הערן הילף: וואָס זאָגט צו ציון: דיין גאָט טוט קיניגן״ (ישעיה נ״ב ז׳).

גדול השלום מן הברכה ומן השמירה שהוא מסיים בו. כיצד? „יברכך ה׳״ זו ברכת פרי האדמה ולדות האדם והבהמה וכה״א: „השקיפה ממעון קדשך מן-השמים וברך את-עמך את-ישראל ואת-האדמה אשר נתתה לנו״ (דברים כ״ו ט״ו). „יאר ה׳ פניו אליך״ אלו

טעמי תורה ודקדוקים וכן הכתוב אומר: „כי נר מצוה ותורה אור" (משלי ו' כ"ג). „ויחנך" שימשוך עליו חוט של חסד, וכה"א: „וראו כל-עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך" (דברים כ"ח י'). „ישא ה' פניו אליך" שאם ידין עונותיך כנגד זכיותיך ביום הדין יכריע לך כף מאזנים של זכיות, וכה"א: „נשאת עון עמך כסית כל-חטאתם סלה" (תהלים פ"ה ג'). ואעפ"כ השלום חביב מכלם שהוא באחרונה, שנאמר: „וישם לך שלום" (במדבר ו' כ"ד).

גרויס איז דער שלום פון ברכה און שמירה, ווייל מען לאָזט אוים מיט אים. „יברכך ה' . . . " דאָס איז די ברכה פאַר די קינדער, די ערד און בהמות, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „לוג פון דיין הייליקער וואוינונג, פון הימל, און בענש דיין פאָלק ישראל, און די ערד וואָס דו האָסט אונז געגעבן" (דברים כ"ו ט"ו). „יאר ה' פניו אליך", דאָס איז די טעמים פון דער תורה, ווי עס ווערט געזאָגט: „ווארום דאָס געבאָט איז אַ ליכט, און די לערנונג אַ ליכטיקייט" (משלי ו' כ"ג). „ויחנך" איז חסד, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „און אַלע פעלקער פון דער ערד וועלן זען, אַז גאָט'ס נאָמען ווערט גערופן אויף דיר, און זיי וועלן מורא האָבן פאַר דיר" (דברים כ"ח י'). „ישא ה' פניו אליך", אַז מען וועט דיך משפט'ן וועלן דיינע זכיות איבערוועגן, אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט: „האָסט פאַרגעבן די זינד פון דיין פאָלק, האָסט פאַרדעקט זייערע אַלע חטאים, סלה. (תהלים פ"ה ג'). פונדעסטוועגן איז דער שלום גרעסער, ווייל עס שטייט צום לעצט: „וישם לך שלום" (במדבר ו').

גדול השלום שניתן לבעלי תשובה, שנאמר: „בורא ניב שפתים שלום שלום לרחוק ולקרוב אמר ה' ורפאתיו" (ישעיה נ"ז י"ט), וסיפא דקרא שלום לרחוק והוא בעל תשובה שהיה רחוק מהקב"ה ונתקרב (ברכות ל"ד).

גרויס איז דער שלום, וועלכער איז געגעבן געוואָרן צו די בעלי תשובה, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „איך באַשאַף אַ ליפּנפרוכט:

שלום, שלום צום נאָענטן און צום ווייטן! זאָגט גאָט, און איך וועל אים היילן" (ישעיה נ"ז י"ט). „שלום לרחוק" שלום צום ווייטן, מיינט מען דעם בעל תשובה, וועלכער איז געווען ווייט פון גאָט און האָט זיך דערנאָך דערנענטערט צו אים (ברכות ל"ד).

גדול השלום ששמו של הקב"ה נקרא שלום, שנאמר: „ויקרא־לו ה' שלום" (שופטים ו' כ"ד), מכאן אז"ל שאין שואלין בשלום לא בבית הכסא ולא בבית המרחץ ולא במקום הטנופת. וגרסינן באבות דר' נתן, הלל אומר הוי מתלמידיו של אהרן אוהב שלום ורודף שלום וגו' מלמד שהיה אהרן שואל בשלום בוגדי ישראל ורשעי ישראל, וכשהיה אחד מהם מבקש לעשות עבירה היה אומר אוי לי מחר יבא אהרן ושואל בשלומי האיך אני משיבו והיה בוש ולא סרח, וכן איש שהיה צוהב את חבירו (שבייש את חבירו והוא מלשון פניו צהובות. שהמתבייש אזל סומקא ואתא היורא) היה אהרן הולך אצלו ואמר לו, בני, למה צהבת חבירך. עתה בא אצלי והיה בוכה ומתחנן ואמר אוי לי שהצבתי את חבירי שהוא גדול ממני שהרי עומד בשוק לך בחסדיך ובקש ממנו מחילה וכך אומר לחבירו כיון שיצאו לשוק ופגעו זה בזה היו מגפפין ומנשקין זה את זה. וכך היה אהרן עושה כל הימים עד שהיה מטיל שלום בין איש לחבירו. וכן איש שהיה צוהב את אשתו ומשלחה מביתו היה אהרן עושה שלום ביניהם. אם סרח האיש על האשה אמר לה אהרן הריני עורבו שלא יכה אותך יותר ולא יקללך מעתה. וכן אמר לאיש הריני עורבה שאינה סורחת עליך מעתה, וכן היה עושה כל הימים עד שעושה שלום בין איש לאשתו והיתה האשה מתעברת ויולדת ואומרת לא ניתן לי הבן הזה אלא בזכות אהרן והיו קורין את שמו אהרן. ואז"ל יותר משלשה אלפים בישראל היה שמם אהרן וכשמת חלצו יותר מכ"ד אלפים בנים ובני בנים, ולכך נאמר: „ויבכו את־אהרן שלשים יום כל בית ישראל" (במדבר כ' כ"ט).

ועוד דרש בר קפרא שאפילו העליונים צריכים לשלום, שנאמר: „המשל ופחד עמו עשה שלום במרומיו" (איוב כ"ה ב'). כיצד? הרקיע

הוא של מים, שנאמר: „המקרה במים עליותיו השם עבים רכובו" (תהלים ק"ד ג'). והכוכבים הם של אש שנאמר: „הללוהו כל-כוכבי אור" (תהלים קמ"ח ג'), והם בשלום זה עם זה. לא הם מרתיחין את הרקיע ולא הרקיע מכבה אותם, לכך נאמר: „עושה שלום במרומיו". המלאכים הללו גופיהן ברואין מן המים וקפואין ועומדין כזכוכית, שנאמר: „וגויתו כתרשיש", וראשיהן של אש, שנאמר: „ומראיהם כמראה הבזק", וכתיב: „ועינו כלפיד אש". לא זה מרתיח את זה ולא זה מכבה את זה, הה"ד: עושה שלום במרומיו (ר"ה כ"ג).

ד"א עושה שלום במרומיו הכריע בין העליונים ובין התחתונים. ביום ראשון ברא השמים והארץ מן העליונים ומן התחתונים. בשני ברא מן העליונים, שנאמר: „יהי רקיע". בשלישי ברא מן התחתונים, שנאמר: „תדשא הארץ דשא", בד' ברא מן העליונים, שנאמר: „יהי מאורות ברקיע השמים". בחמישי ברא מן התחתונים. בשישי ברא את האדם. אמר אם אני בוראו מן העליונים הרי זו מוספת על התחתונים בריה אחת. מה עשה בראו מן העליונים ומן התחתונים, שנאמר: „וייצר ה' אלהים את-האדם עפר מן-האדמה ויפח באפיו נשמת חיים" (בראשית ב' ז'). לכך נאמר: „עושה שלום במרומיו". ומה אם העליונים שאין ביניהם לא שנאה ולא קנאה ולא תחרות צריכין שלום. תחתונים שיש בהם כל חמדות הללו ע"א כו"כ.

גרויס איז שלום. גאָט'ס נאָמען איז שלום, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „און גדעון האָט דאָרטן געבויט אַ מזבח צו גאָט, און האָט אים גערופן גאָט איז פריד" (שופטים ו' כ"ד).

מיר האָבן געלערנט אין אבות דר' נתן, אַז הלל זאָגט: „זיי פון די תלמידים פון אהרן, וועלכער האָט ליב געהאַט דעם שלום און האָט אים נאָכגעיאָגט. ער האָט שלום געמאַכט אפילו מיט די שלעכסטע מענשן פון פאָלק ישראל. אַז איינער פון זיי האָט געוואָלט זינדיקן האָט ער זיך באַרעכנט ווי אַזוי קען איך זינדיקן? מאָרגן וועט מיך אהרן טרעפן און וועט מיר שלום זאָגן. ווי אַזוי וועל איך אים קענען ענטפערן שלום ווען איך בין זינדיק?

אויך ווען איינער האָט פאַרשעמט אַ צווייטן, איז אהרן גע־גאַנגען צו אים און האָט אים אַזוי געזאָגט: „פאַרוואָס האָסטו יענעם פאַרשעמט? יענער איז געווען ביי מיר און האָט געוויינט פאַר מיר, אַז ער האָט חרטה און איז דיין בעסטער פריינט". דאָס זעלבע האָט ער געזאָגט צום צווייטן, און ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט, האָבן זיי זיך געהאַלזט און געקושט.

אַזוי איז אויך געווען צווישן מאַן און ווייב. אויב דער מאַן איז געווען דער שולדיקער, האָט אהרן דעם ווייב געזאָגט, אַז דער מאַן האָט חרטה. און אויב דאָס ווייב איז געווען די שולדיקע, האָט ער דעם מאַן געזאָגט, אַז דאָס ווייב האָט חרטה. אַזוי האָט ער תמיד שלום געמאַכט צווישן מאַן און ווייב, און ווען די פרוי האָט געבוירן אַ זון האָט זי דאָס קינד אַ נאָמען געגעבן אהרן.

ווען אהרן איז געשטאָרבן זענען זיי נאָכגעגאַנגען זיין לויה. דערפאַר שטייט אין פסוק: „און די גאַנצע עדה האָט געזען, אַז אהרן איז פאַרגאַנגען; און דאָס גאַנצע הויז פון ישראל האָט באַוויינט אהרן'ען דרייסיק טעג (במדבר כ' כ"ט).

בר קפרא האָט גע'דרש'נט, אַז אפילו די אויבערשטע דאַרפן אויך דעם שלום, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „געוועלטיקייט און פאַרכטיקייט זענען ביי אים; ער שאַפט שלום אין זיינע הייכן" (איוב כ"ה ב'). דער הימל איז פון וואַסער, אַזוי ווי עס שטייט: „וואָס באַלקנט מיט וואַסער זיינע אויבערשטובן; וואָס מאַכט וואָלקנס פאַר זיין רייטוואָגן" (תהלים ק"ד ג'); און די שטערן זענען פון פייער, ווי עס ווערט געזאָגט: „לויבט אים אַלע ליכטיקע שטערן" (תהלים קמ"ח ג'); און זיי זענען שלום צווישן זיך. ניט די שטערן מאַכן קאַבעדיק דעם הימל און ניט דער הימל פאַרלעשט די שטערן, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „ער שאַפט שלום אין זיינע הייכן" (איוב כ"ה ב', רה"ש כ"ג).

אויך קען מען זאָגן: „ער שאַפט שלום אין זיינע הייכן". ער האָט געמאַכט אַן אויסגלייכונג צווישן די אויבערשטע און די אונטער־שטע ביי דער וועלט באַשאַפונג: דעם ערשטן טאָג האָט ער באַשאַפן דעם הימל און די ערד פון די אויבערשטע און די אונטערשטע; דעם צווייטן טאָג האָט ער באַשאַפן פון די אויבערשטע, ווי עס ווערט געזאָגט: „זאָל ווערן אַן אויסשפרייט" (בראשית א׳ ו׳); דעם דריטן טאָג האָט ער באַשאַפן פון די אונטערשטע, ווי עס ווערט געזאָגט: „זאָל די ערד אַרויסגראָזן גראָז" (שם י"א); דער פערטן טאָג האָט גאָט באַשאַפן פון די אויבערשטע, ווי עס ווערט געזאָגט: „זאָלן ווערן ליכטער אין דעם אויסשפרייט פון הימל" (שם י"ד); דעם פינפטן טאָג האָט גאָט באַשאַפן פון די אונטערשטע, ווי עס ווערט געזאָגט: „זאָל דאָס וואַסער ווידמענען אַ ווידמענונג פון לעבעדיקע באַשעפענישן און פויגלען זאָלן פליען אויף דער ערד, איבערן פרייען אויסשפרייט פון הימל (שם כ׳); דעם זעקסטן טאָג האָט גאָט באַשאַפן דעם מענש, און גאָט האָט אַזוי געזאָגט: „אויב איך וועל באַשאַפן דעם מענש פון די אויבערשטע וועט דאָך זיין מיט איין באַשאַף מער ווי די אונטערשטע". דערפאַר האָט גאָט באַשאַפן דעם מענש פון די אויבערשטע און פון די אונטערשטע, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „האָט גאָט דער האַר געפורעמט דעם מענשן פון שטויב פון דער ערד, און האָט אַריינגע־בלאָזן אין זיינע נאָזלעכער אַן אָטעם פון לעבן" (שם ב׳ ז׳). און דאָס איז: „ער שאַפט שלום אין זיינע הייכן".

און ווען ביי די אויבערשטע, וואָס עס איז ביי זיי ניטאָ קיין קנאה און קיין שנאה איז אַזוי נויטיק דער שלום, ווי איז שוין וויכטיק דער שלום ביי די אונטערשטע, וואָס ביי זיי זענען יאָ דאָ די אַלע מדות?

גדול השלום, שלא שבח הקב"ה לאהרן אלא בשלום, שנאמר: „בריתי היתה אתו החיים והשלום" (מלאכי ב׳ ח׳) ונתן לו מה שלא נתן לשום אדם אפילו מקצת מ"ה שיכנים לפני ולפנים מה שאין אדם יכול לכנם לשם אפילו אותם שכתוב בהם: „ודמות פניהם פני אדם"

(יחזקאל א׳ י׳), שנאמר: „וכל־אדם לא־יהיה באהל מועד״ (ויקרא ט״ז י״ז).

גרוים איז דער שלום. גאָט האָט געלויבט אהרן׳ען נאָר מיט שלום, אַזוי ווי עס שטייט אין פּסוק: „מיין בונד איז מיט אים געווען, אויף לעבן און פריד״ (מלאכי ב׳ ה׳). און ער האָט אים געגעבן דאָס וואָס ער האָט קיין שום מענש געגעבן, — אַז ער זאָל אַריינקומען אין אוהל מועד, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן: „און קיין מענש זאָל ניט זיין אין אוהל־מועד, ווען ער קומט מכפּר צו זיין אין הייליקטום, ביז ער גייט אַרויס״ (ויקרא ט״ז י״ז).

גדול השלום שבו נתבשר דוד, שנאמר: „ורוח לבשה את־עמשי ראש השלושים לך דוד ועמך בן־ישי שלום. שלום לך ושלום לעזרך כי עזרך אלהיך״ (דה״י א׳ י״ב י״ח).

גרוים איז דער שלום. דוד׳ן האָט מען אָנגעזאָגט די בשורה מיט שלום, ווי עס ווערט געזאָגט: האָט אַ גייסט אָנגעקליידט עמשי דער הויפּט־מאַן פון די עלצטע: „פאַר דיר, דוד, און מיט דיר, זון פון ישי׳ן! שלום, שלום צו דיר, און שלום צו דיינע העלפער, ווארום דיין גאָט טוט דיך העלפן״ (דברי הימים א׳ י״ב י״ח).

גדול השלום שהוא קודם לשבחו של הקב״ה, שכן מצינו כשבא יתרו אצל מרע״ה לא פתח לו לא ביציאת מצרים ולא בקריעת ים סוף ולא בעשרת הדברות ולא במן ולא בשליו, אלא בשלום, שנאמר: „וישאלו איש־לרעהו לשלום״, ואח״כ: „ויספר משה לחותנו את כל־אשר עשה ה׳ לפרעה ולמצרים״ (שמות י״ח ז׳ ח׳).

דער שלום קומט פריער פאַר די שבחים פון גאָט. ווען יתרו איז געקומען צו משה׳ן, האָט ער ניט אָנגעפאַנגען מיט יציאת מצרים, קריעת ים סוף, עשרת הדברות, מן, און שליו, נאָר מיט שלום, אַזוי ווי עס שטייט אין פּסוק: „און זיי האָבן איינער דעם אַנדערן געפרעגט

אויף פריד". דער נאָך שטייט: „און משה האָט דערציילט זיין שווער אַלץ וואָס גאָט האָט געטאָן צו פרעה'ן און צו מצרים" (שמות י"ח ז' ח').

גדול השלום שאפילו עשה אדם כמה מצוות ולא עשה שלום, אין בידו כלום, שכן מצינו ביהוא שעקר ע"א מישראל והשמיד בית אחאב והרג לאיזבל, ולפי שלא עלה בידו שלום, כאלו לא עשה כלום, שנאמר: ויאמר יהורם קח רכב ושלח לקראתם ויאמר השלום: וילך רכב הסוס לקראתו ויאמר כה-אמר המלך השלום, ויאמר יהוא מה-לך ולשלום סב אל-אחרי (מלכים ב' ט' י"ז י"ח).

גרויס איז דער שלום. ווען אַ מענש האָט אפילו געטאָן אַ סך מצוות, און ער האָט ניט געמאַכט קיין שלום, איז אַזוי ווי ער וואָלט גאָרניט געטאָן. אַזוי געפינען מיר ביי יהוא'ן. ער האָט פאַרניכטעט די עבודה זרה פון אידן. ער האָט פאַרטיליקט אחאב'ס הויז-געזינט און האָט גע'הרג'עט איזבל, און ווייל ער האָט ניט געווירקט וועגן שלום, איז אַזוי ווי ער וואָלט גאָרניט געטאָן, אַזוי ווי עס שטייט גע-שריבן: „האָט יהורם געזאָגט: נעם אַ רייטער און שיק זיי אַנטקעגן, און זאָל ער זאָגן: איז פריד? איז דער רייטער אויפ'ן פערד אַוועק אים אַנטקעגן, און האָט געזאָגט: אַזוי האָט דער מלך געזאָגט: איז פריד? האָט יהוא געזאָגט: וואָס קערסטו זיך אָן מיט פריד? דריי זיך אוים הינטער מיר" (מלכים ב' ט' י"ז י"ח).

גדול השלום שהוא קודם למלחמות הרשות כדגרסינן באלה הדברים רבה וקראת אליה לשלום. ראה כמה כחו של שלום שכשפרע הקב"ה לעמון ומואב מנע מהם השלום, שנאמר: „לא-תדרש שלמם וטבתם כל-ימיך לעולם" (דברים כ"ג ז'). וגרסינן א"ר יהושע הלוי מפני מה מערבין בחצרות מפני דרכי שלום. מעשה באשה אחת שהיתה שנואה לחברתה. שלחה עירובה ביד בנה נסבתיה וגפפתיה ותחבקו ונשקתיה. אתא לגבי אימי' אישתעי' לה עובדא. אמרה הכדין רחימת לי' ולא הוית ידענא מתוך כך עשו שלום ביניהם,

הה״ד: „דרכיה דרכי־נעם וכל נתיבותיה שלום״ (משלי ג׳ י״ז, ירושלמי עירובין פ״ה).

שלום איז פאר מלחמה. גאָט האָט אָנגעזאָגט אויף עמון און מואב ווייל זיי זענען די אידן ניט אָקעגן געקומען מיט ברויט און וואסער ווען זיי זענען אין וועג געווען גייענדיק פון מצרים, איבערדעם: „זאָלסט ניט זוכן זייער פריד און זייער וואוילזיין, אַלע דיינע טעג אויף אייביק״ (דברים כ״ג ז׳).

ר׳ יהושע הלוי האָט געזאָגט: „פאַרוואָס מאַכט מען אַ ערובי חצרות? צוליב שלום״.

ס׳האָט אַמאָל געטראָפן, אַז אַ פרוי, וועלכע האָט ניט שלום געלעבט מיט אַ צווייטער, האָט געשיקט איר עירוב דורך איר קליינעם זון. האָט די צווייטע פרוי אים גענומען האַלזן און קושן. ווען ער האָט דאָס דערציילט זיין מוטער, האָט זי געזאָגט: „איך האָב גאַרניט גע־וואוסט ווי ליב זי האָט מיך און איך האָב זי גאַר געהאַלטן פאַר מיין שונא״. און אַזוי האָבן זיי שלום געמאַכט, ווי עס שטייט געשריבן: „אירע וועגן זענען וועגן פון ליבלאַבקייט, און אַלע אירע שטעגן זענען שלום״ (משלי ג׳ י״ז, ירושלמי עירובין פ״ה).

גדול השלום שלא גלו אבותינו עד שהניחו השלום ותפסו מחלוקת, לפיכך גלו לבין האומות, שנאמר: „ותזנח משלום נפשי נשיתי טובה״ (איכה ג׳ י״ז) ומיום שחרב בית המקדש נתמעט השלום, שנאמר: „ונדמו נאות השלום״ (ירמיה כ״ה ל״ז).

אונזערע עלטערן זענען אין גלות געגאַנגען צוליב דעם וואָס ביי זיי איז קיין שלום געווען, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „און מיין זעל איז פאַרשטויסן פון פריד. איך האָב פאַרגעסן אָן גוטס״ (איכה ג׳ י״ז). און זינט דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן, איז קלענער געוואָרן דער שלום, ווי עס ווערט געזאָגט: „און פאַרשניטן וועלן ווערן די פרידלאַכע פיטער־פּלעצער״ (ירמיה כ״ה ל״ז).

# שפרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
# וועגן מאָראַל און עטיק.

עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט אַ שנאה צווישן דעם גריכישן דענקער אַריסטיפוס מיט זיין גוטן פריינט זענאָ, און עס איז אַוועק אַ צייט ווען זיי האָבן זיך איינער מיט דעם אַנדערן ניט געזען.

אין אַ געוויסער צייט אַרום, איז אַריסטיפוס געגאַנגען צו זענאָ און האָט צו אים געזאָגט: „צי דען אייביק וועלן מיר זיין ניט גוטע פריינט? דאַרפן מיר וואַרטן ביז עס וועט ווערן לייטישער געלעכטער איבער אונז, אָדער ביז עפּעס איינער פון די מאַרק-לייט וועט זיך אַריינמישן צו מאַכן אַ שלום צווישן אונז? ניין, לאָמיר שלום מאַכן".

האָט אים יענער געענטפערט: „דו האָסט מיך דערקוויקט מיט דיינע ווערטער. איך פאָלג דיך".

האָט אַריסטיפוס צו אים געזאָגט: „זע, איך בין דאָך עלטער פון דיר און איך בין פריער געקומען צו דיר שלום בעטן". האָט אים זענאָ געענטפערט: „ווי איך לעב, דו האָסט מער רעכט ווי איך. איך האָב פאַראורזאַכט די קריג און דו האָסט פאַראורזאַכט דעם פרידן".

# דרך־ארץ

לעולם יהיה אדם נאה במשאו ובמתנו ובכסותו (א) ובמאכלו (ב) ומשתהו ובכל עניניו.

א מענש זאל תמיד זיין שיין אין זיין האנדל, אין זיין קליידונג, אין זיין עסן און טרינקען און אין אלע זיינע ענינים.

לעולם יתרחק אדם מן הכיעור ומן הדומה לו (חולין מ״ד).

---

(א) אדם יזהר שלא לבזות את הבגדים, כמבואר בברכות ס״ב, וכן כשהולך לדרך ברגליו אזי יחלוף מנעליו שלא יקרעו מתוך הדרך, וכמבואר בתענית כ״א בחוני המעגל כי מטא לתוך קוצים וחוחים הגביה בגדיו שלא יקרעו.

אדם יתנהג בעת שלובש המלבוש שישים ב׳ צידי המלבוש ביד ימינו וללבוש הימין ואח״כ השמאל כי הימין היא חשובה בכל התורה כולה, כמבואר בשבת ס״א, ובתוספות שם, ובש״ע או״ח סימן ב׳.

אדם יתנהג שילבש בגדים נאים במקום שאין מכירין אותו כי מלבוש נאה נקרא כבוד שהוא מכבד את האדם כשבא למקום שאין מכירין אותו ורואין אותו לבוש בגדי חמודות אזי הם מכבדים אותו, כמבואר בש״ע או״ח של אדמו״ר סי׳ רס״ב, ע״ש.

אדם ות״ח אל יצא במנעלים המטולאים טלאי ע״ג טלאי ולא אמרינן אלא בפנתא אבל בגילדא לית לן בה ולא אמרו אלא באורחא אבל בביתא לית לן בה ולא אמרינן אלא בימות החמה אבל בימות הגשמים לית לן בה אם הוא עני, כמבואר בשבת קי״ד, וברמב״ם שם בהלכות דעות, וברי״ף בברכות, ובשבת, ועיין בלחם משנה שם.

אדם יתנהג שהמלבושים יהיו אצלו חביבים יותר ממאכל ומשתה, היינו שיקנה בגדיו אפילו ביותר משויו ומאכל ומשתה רק בשויו, כמבואר בחולין פ״ד ובפוסקים של עניני דרך ארץ.

(ב) אדם יתנהג שלא להשיח בסעודה בשעה שאוכל אפילו בדברי תורה מפני הסכנה שמא יקדים קנה לוושט, ועוד שלא יהא נראה לאחרים המאכל בפיו בשעה שמדבר ואוכל והוא מאוס, ואפילו למי שנתעטש אסור לו

דערוויטער זיך שטענדיק פון אלץ וואס עס איז ניט שיין פאר דיר (חולין מ״ד).

לעולם תהא דעתו של אדם מעורבת עם הבריות (כתובות י״ז).

זיי ניט דערווייטערט פון די מענשהייט (כתובות י״ז).

גדול דרך ארץ שהיא שקולה כנגד כל התורה כדדרש בר קפרא: איזו היא פרשה קטנה שכל גופי התורה תלויין בה הוי אומר זו דרך ארץ, שנאמר: „בכל-דרכיך דעהו״ (משלי ג׳ ו׳).

גרוים איז דרך ארץ, און איז גלייך ווי די גאנצע תורה, אזוי ווי בר קפרא האט גע׳דרש׳נט: „וועלכע איז א קליינע פרשה וואס די גאנצע תורה איז דא אין איר? דאס איז דרך ארץ״, ווי עס ווערט געזאגט: „אין אלע דיינע וועגן טו אים קענען״ (משלי ג׳ ו׳).

גדולה דרך ארץ שכל מי שיש בידו דרך ארץ הוא אהוב לתקב״ה ולבריות.

גרוים איז דרך ארץ. דער וועלכער האט דרך ארץ איז געליבט ביי גאט און ביי מענשן.

לעולם אל יכנוס אדם לבית חבירו פתאום אלא קוראהו קודם ולמדנו מהקב״ה שעמד על פתח הגן וקרא קודם לאדם, שנאמר: „ויקרא ה׳ אלהים אל-האדם ויאמר לו איכה״ (בראשית ג׳ ט׳).

---

לומר אסותא, כמבואר בסי׳ ק״ע, אמנם הגאון בברכי יוסף תמה וכתב שלא ראה אפילו מגדולים וחשובים שיהיו נזהרים בזה.

לא ישתה מכוס ויתן לחבירו לשתות המותר דשמא מחמת בושה ישתה חברו בעל כרחו מחמת שהוא נותן לו וחיישינן שמא יש לו איזה חולאת בתוך גופו ויוצא במה שנשאר ממנו בכוסו ויזיק לחברו, אבל אם מניח על השלחן וחברו לוקח בעצמו זאת לשתות לית לן בה, ויקנח הכלי במקום ששתה, כמבואר בסימן ק״ע בט״ז ובעטרת זקנים.

אַ מענש זאָל ניט פּלוצלינג אַריינגיין צו זיין פריינט אין הויז, נאָר ער זאָל אים צוערשט צו וויסן געבן. דאָס לערנען מיר פון גאָט. גאָט איז געשטאַנען ביים טיר פון גאָרטן און גערופן אדם'ען, ווי עס שטייט אין פסוק: „האָט גאָט דער האַר גערופן צו דעם מענשן, און האָט צו אים געזאָגט: וואו ביזטו" (בראשית ג' ט').

לעולם אל ישנה אדם ממנהג המדינה שהרי מרע"ה עלה למרום ולא אכל ומלאכי השרת ירדו למטה ואכלו. אכלו ס"ד אלא נראין כמו שאכלו (ב"מ פ"ו).

אַ מענש זאָל זיך קיינמאָל ניט פירן אַנדערש פון די מענשן אין דעם אָרט וואו ער קומט. ווען די מלאכים זענען געקומען אויף דער ערד, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי עסן (ב"מ דף פ"ו).

לעולם כשתרצה להשתתף בדרך השתתף עם צדיק עני ולא עם רשע עשיר ויפה ת"ת עם דרך ארץ.

ווען דו ווילסט גיין אויפ'ן וועג מיט נאָך איינעם, קלויב דיר בעסער אוים צו גיין מיט אַן ערלאכן אָרימאַן איידער מיט אַ שלעכטן גביר.

לעולם אל יוציא אדם דבר מגונה מפיו שהרי עקם הכתוב ח' אותיות ולא הוציא דבר מגונה, שנאמר: „ומן־הבהמה אשר איננה טהורה (בראשית ז' ח', פסחים ג').

אַ מענש זאָל זיך תמיד אײַנהאַלטן פון רעדן ניט שיינע ווער־טער. די תורה האָט געשטעלט אַכט אותיות מער, און ניט געשטעלט דאָס וואָרט „טמאה", אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „און פון די בהמות וואָס זענען ניט ריין" (בראשית ז' ח', פסחים ג').

במתא שמאי בלא מתא תותבאי (שבת קמ"ה).

אין דיין שטאָט, גיט דיר כבוד דיין נאָמען אַליין, אָבער אין דער פרעמד מוזטו זיך אָנטאָן שיין.

עלית לקרתא הלך בנימוסא (ב"ר פמ"ח).

ווען דו גייסט זיך באַזעצן אין אַ נייער שטאָט, זאָלסטו אָנעמען אירע זיטן און געזעצן. (ב"ר פמ"ח).

אל ישמח בין הבוכים, ואל יבכה בין השמחים (מס' דא"ר פ"ח).

ווען מענשן וויינען זאָלסטו זיך ניט פריילאך מאַכן, און ווען מענשן לאַכן זאָלסטו ניט וויינען (מס' דא"ר פ"ח).

זער וויכטיק איז אויך דאָס אָפּהיטן דאָס אייגענע געזונט, און אויף דעם פסוק וואָס זאָגט: „זיך אַליין טוט גוטס דער גענאַדיקער מענש, און זיין אייגן לייב פאַראומגליקט דער אכזר" (משלי י"א י"ז), האָבן די חכמים דערקלערט, אַז דער דאָזיקער פסוק איז געזאָגט געוואָרן אויף הלל הזקן, וועגן וועמען עס ווערט דערציילט, אַז ער איז אַמאָל געגאַנגען מיט זיינע תלמידים אויפ'ן וועג פונ'ם בית-המדרש אהיים, האָבן אים די תלמידים געפרעגט וואו ער גייט. האָט ער זיי געענטפערט, אַז ער גייט טאָן אַ מצוה.

— „וואָס איז די מצוה" — האָבן אים די תלמידים געפרעגט און הלל האָט זיי געענטפערט: „איך גיי מיך באָדן!"

— „איז דאָס אַ מצוה?" — האָבן די תלמידים ווייטער געפרעגט.

— „געוויים" — האָט הלל געענטפערט — „גלייך ווי מען דאַרף אַכטונג געבן אויף אַ בילד פון אַ קעניג, וואַשן עס און רייניקן, און דער וואָס טוט דאָס קריגט דערפאַר זיין עסן און ער קומט זיך צונויף מיט די גרעסטע מענשן פון דער מלוכה; איז אויך דאָס זעלבע איצט ביי

מיר. דער אויבערשטער האָט מיך באַשאַפן אין זיין פאָרם, טו איך א מצוה ווען איך בין באַשטרעבט אָפּצוהיטן דעם גוף און אים ריין צו האַלטן, כדי איך זאָל פאַרדינען מיין עסן" (ויקרא רבה פ׳ ל״ד פ׳ ג׳).

דער מענש טאָר אויך נים שעדיקן זיין קערפּער (בבא קמא צ״א ע״ב).

א תלמיד חכם טאָר נים וואוינען אין א שטאָט וואו עס געפינט זיך נים קיין באָד און קיין רופא (סנהדרין י״ז ע״ב).



## שפרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
## וועגן מאָראַל און עטיק.

ביאם האָט געזאָגט: „עס איז פיל בעסער, אז מען זאָל דיך בעטען דו זאָלסט נעמען, איידער דו זאָלסט בעטן אנדערע מען זאָל דיר געבן".

דיאָגענעס האָט אמאָל געזען א יונגן מאַן, וועמענס געזיכט איז רויט געוואָרן פון בושה, האָט ער צו אים געזאָגט: „זיי ביי זיך שטאָלץ מיין קינד, ווייל דאָס איז די פאַרב פון ערלאכקייט".

# גמילת חסדים

לעולם יגמול אדם חסד (א) אפילו עם מי שהרע לו ולא יהיה נוקם ונוטר, שנאמר: „לא-תקם ולא-תטר את-בני עמך ואהבת לרעך כמוך" (ויקרא י"ט י"ח, יומא כ"ג).

זיי גומל חסד אפילו מיט דעם וואָס האָט דיר שלעכטס געטאָן און זיי ניט קיין נוקם ונוטר, אזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „זאָלסט זיך ניט נוקם זיין, און ניט האַלטן אַ שנאה אויף די קינדער פון דיין פאָלק; נייערט זאָלסט ליב האָבן דיין חבר אזוי ווי זיך אליין" (ויקרא י"ט י"ח, יומא כ"ג).

לעולם ישתדל אדם להיות גומל חסד עם החיים והמתים, כדי שיעשה הקב"ה עמו חסד, שנאמר: „יעש ה' עמכם חסד כאשר עשיתם עם-המתים ועמדי" (רות א' ח', סוכה מ"ט). וגדולה ג"ח שאדם עושה מן הצדקה, שהצדקה בממונו. וג"ח בגופו ובממונו; והצדקה עם

---

(א) כשהוא מקבל איזה עזר מחבירו הן בגופו הן בממונו הרי בכלל נקראת זאת גמילות חסד וענין גמילות חסד הוא לגמול טוב למי שאין לו חק עליו, וההפרש שיש בין צדקה לגמילות חסד, הוא אשר צדקה נגזר ממלת צדק והוא היושר והיושר הוא שיגיע לכל בעלי חק כחקו ולתת לכל נמצא את אשר הוא חסר ועל זה הדרך מה שאדם נותן משלו לאדם אחר שהוא עני ואין לו מה לאכול ונותן לו להחיות את נפשו אשר על זה היושר מחייבו הרי זה נקרא צדקה, אבל מה שהאדם נותן למי שאינו עני כל כך, גם מה שנותן יותר מהראוי, גם מה שמסייע בגופו לחברו אם לעני אם לעשיר, גם מה שעושה אם בגופו אם בממונו לחתן ולחולה ולמת, ועל זה הדרך שאר ענינים רבים מה שהוא אינו מחויב בעשייתן אף על צד הצדק והיושר כל זה נקרא גמילות חסד לפי שהוא גמול הנעשית במדת חסד בלא שום חיוב, כמבואר זאת ביד הקטנה בשם הרמב"ם בספרו המורה, ע"ש.

החיים. וג״ח עם החיים ועם המתים; והצדקה עם העניים בלבד וג״ח עם העניים והעשירים.

אַ מענש זאָל זיך באַמיען גומל חסד צו זיין סיי מיט לעבעדיקע, סיי מיט טויטע, כדי גאָט זאָל טאָן מיט אים חסד, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „האָט נעמי געזאָגט צו אירע ביידע שניר: „גייט קערט אייך אום איטלאכע צו איר מוטער׳ס הויז. זאָל גאָט טאָן מיט אייך חסד, אַזוי ווי איר האָט געטאָן מיט די געשטאָרבענע און מיט מיר״ (רות א׳ ח׳, סוכה מ״ט). און גרעסער איז ג״ח פון צדקה, ווארום צדקה איז נאָר מיט געלט און ג״ח אין מיט׳ן גוף און געלט; און צדקה איז נאָר מיט לעבעדיקע און ג״ח איז מיט די לעבעדיקע און מיט געשטאָרבענע; און צדקה איז נאָר מיט אָרימע און ג״ח איז סיי מיט אָרימע און סיי מיט רייכע.

גדולה גמילות חסדים שכל העושה חסד אפילו עם מי שאינו צריך הקב״ה משלם שכרו כגון אברהם עם המלאכים, והוא עומד עליהם. והלא דברים קל וחומר: ומה מי שהוא עושה עם מי שאינו צריך (ר״ל עם המלאכים שאינם צריכים שום דבר מבו״ד). ראה, מה פרע לו הקב״ה; מי שעושה חסד עם שצריך ע״א כו״כ.

גרויס איז גמילות־חסדים, ווארום דער וואָס טוט חסד אפילו מיט דעם וואָס נויטיקט זיך ניט, באַצאָהלט אים גאָט זיין שכר. אַזוי ווי אברהם מיט די מלאכים. עס איז דאָך אַ קל וחומר, מה דאָך דער וואָס טוט חסד מיט דעם וואָס נויטיקט זיך ניט (ד. ה. מיט די מלאכים, וואָס דאַרפן אין גאָרניט אָנקומען צו אַ בשר־ודם) זע, ווי גאָט באַלוינט אים, אַ כל שכן דער וואָס ער טוט חסד מיט דעם וואָס נויטיקט זיך קריגט ער אודאי שכר.

גדולה ג״ח שגזר דין ושבועה נקרע בה. מנין לגזר דין ושבועה שאינו נקרע בשביל דבר אחר כי אם ע״י תורה וגמ״ח, שנאמר: ולכן נשבעתי לבית עלי אם־יתכפר עון בית עלי בזבח ובמנחה עד־

עולם" (שמואל א' ג' י"ד). אמר רבא בזבח ומנחה אינו מתכפר, אבל מתכפר הוא בתורה ובגמ"ח (יבמות ק"ח, ר"ה פרק א').

גרויס איז גמילות-חסדים, ווארום דער גזר דין און שבועה ווערן צוריסן דורך איר. פון וואנען ווייסט מען, אז גזר דין און שבועה ווערט ניט צוריסן נאָר דורך תורה און גמ"ח, ווארום עס שטייט אין פסוק: „און דאַרום האָב איך געשוואָרן אויף עלי'ם הויז: אויב די זינד פון עלי'ם הויז וועט פאַרגעבן ווערן דורך שלאַכטאָפּפער אָדער דורך שפּייז-אָפּפער אויף אייביק!" (שמואל א' ג' י"ד). האָט רבא אויף דעם געזאָגט: „דורך קרבנות ווערט ניט פאַרגעבן אָבער דורך תורה און גמ"ח ווערט יאָ פאַרגעבן (יבמות ק"ה, ר"ה פרק א').

# שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע װעגן מאָראַל און עטיק.

פּאַציליִדס האָט געזאָגט: „װען דײן פײנט פאַלט, העלף אים, װאָרום דאָס איז די גרעסטע נקמה״.

פּלוטאַרך האָט געזאָגט: „ניט שלעכטס צו טאָן אַ פײנט װײזט אויף אַ גוט האַרץ, נאָר אים אויך גוטס צו טאָן װײזט אַ הויכע נשמה״.



# תשובה — (חרטה אויף פארברעכנס)

לעולם יראה עצמו כאילו חציו זכאי וחציו חייב. עשה מצוה אחת, אשריו שמכריע עצמו לכף זכות; עשה עבירה אחת, ווי ליה שהכריע את עצמו לכף חובה, שנאמר: „וחוטא אחד יאבד טובה הרבה״ (קהלת ט׳ י״ח, קדושין מ׳).

זיי תמיד ביי דיר האַלב אומשולדיק און האַלב שולדיק. האָסטו געטאָן אַ מצוה, וואויל צו דיר וואָס דו האָסט איבערגעוואויגן די וואָגשאָל פון גערעכטיקייט; אויב דו האָסט געטאָן אַ פאַרברעכן, וויי צו דיר וואָס דו האָסט איבערגעוואויגן די וואָגשאָל פון אומגערעכטי־קייט, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „און איין זינדיקער פירט איבער אַ סך גוטס״ (קהלת ט׳ י״ח, קדושין מ׳).

לעולם יראה אדם עצמו כאלו נטה למות. שאם יעשה מצוה אחת, כל עונותיו נמחלין, ואם יעשה עבירה אחת, אין כל זכיותיו נחשבין למאומה, כשמתחרט על המצוות שעשה.

אַ מענטש זאָל זיך תמיד דאַכטן, אַז ער האַלט ביים שטאַרבן, ווארום אויב ער טוט אַ מצוה, זענען זיינע אַלע זינד פאַרגעבן, און אויב ער טוט אַן עבירה און ער האָט חרטה אויף די מצוות, וואָס ער האָט געטאָן, ווערן אַלע מצוות וואָס ער האָט געטאָן גאָרנישט גערעכנט.

לעולם אל ידין עצמו שהוא חוטא, שאם יחשוב בעצמו שהוא חוטא, לא יקשה בעיניו לעשות עבירה, כי יאמר: „הואיל והוא חוטא מה תוסיף עבירה זו על כל פשעיו?״ ושנו חכמים: „אל תהי רשע בפני עצמך״.

אַ מענש זאָל זיך קיינמאָל ניט האַלטן פאַר אַ זינדיקן, ווארום אויב ער וועט זיך האַלטן פאַר אַ זינדיקן וועט אים גרינג זיין צו טאָן אַן עבירה, ווייל ער וועט זאָגן: „איך בין דאָך סיי ווי סיי אַ זינדיקער, נו וואָס וועט מיר שאַדן נאָך איין עבירה?".

אונזערע חכמים האָבן געלערנט: „האַלט זיך ניט פאַר אַ רשע".

לעולם יהא אדם מפחד וירא מחטאיו ויחזור לפני הקב"ה בתשובה שלימה ויבקש סליחה וכפרה מאתו.

אַ מענש זאָל זיך שטענדיק שרעקן און מורא האָבן פאַר זיינע זינד. ער זאָל זיך אומקערן צו גאָט ברוך הוא דורך אמת'ער תשובה און בעטן פון אים סליחה און פאַרגעבונג.

גדולה תשובה שמביאה רפואה לעולם, שנאמר: „שובו בנים שובבים ארפה משובותיכם" (ירמיה ג' כ"ב, יומא פ"ו).

גרויס איז תשובה, ווייל זי ברענגט אַ רפואה אויף דער וועלט, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק: „קערט זיך אום, קינדער אָפּקערער, איך וועל היילן אייערע אָפּקערונגען" (ירמיה ג' כ"ב, יומא פ"ו).

גדולה תשובה. שהיא מקרבת את הגאולה, שנאמר: „ובא לציון גואל ולשבי פשע ביעקב נאם ה'" (ישעיה נ"ט כ', יומא פ"ו).

גרויס איז תשובה, וואָס דערנענטערט די גאולה, ווארום עס שטייט: „און קומען וועט אַן אויסלייזער פאַר ציון און פאַר די אָפּגעקערטע פון זינד אין יעקב, זאָגט גאָט" (ישעיה נ"ט כ', יומא פ"ו).

גדולה תשובה, שמקרבת את הרחוקים, שנאמר: „והיה במקום אשר-יאמר להם לא-עמי אתם יאמר להם בני אל-חי (הושע ב' א', יומא פ"ו).

גרוים איז תשובה וואס דערנענטערט די ווייטע, ווארום ער שטייט: „און עס וועט זיין, אנשטאט וואס צו זיי פלעגט געזאגט ווערן: איר זייט ניט מיין פאלק. וועט צו זיי געזאגט ווערן: קינדער פון דעם לעבעדיקן גאט" (הושע ב' א', יומא פ"ו).

דער גרעסטער זכות איז ווען א מענש טוט תשובה.

דער תנא ר' יעקב בר קוירשוי האט געזאגט: „עס איז בעסער איין שעה פון תשובה און מעשים טובים אויף דער וועלט, איידער דאס גאנצע לעבן פון יענער וועלט" (אבות פרק א' משנה ז', און ויקרא רבה, פרשה ג' פיסקא א').

דער תכלית פון אלע חכמות איז תשובה און מעשים טובים (ברכות ט"ז ע"ב). ר' שמואל בר נחמני האט געזאגט: „די תשובה איז געגליכן צום ים, ווייל אזוי ווי דער ים איז שטענדיק אפן, אזוי זענען אויך די טויערן פון תשובה שטענדיק אפן" (איכה רבתי, פרשה ג' פיסקא ל"ה).

עס איז אויך געזאגט געווארן, אז ווער עס טוט תשובה, ווערט דאס אים ביי גאט פאררעכנט גלייך ווי ער וואלט געגאנגען קיין ירושלים, געבויט דארט א מזבח און מקריב געווען קרבנות (פסיקתא רבתי, פרשה י"ג).

ווען ר' אליעזר בן הורקנוס האט געזאגט: „טו תשובה איין טאג פאר דיין טויט" (אבות פ"ב משנה י'), האט אן אנדערער פון די חכמים געפרעגט: „קען דען א מענש וויסן וועלכן טאג ער וועט שטארבן?" דער תירוץ איז, אז ער דארף טאקע צוליב דעם תשובה טאן היינט, טאמער וועט אים אויסקומען צו שטארבן מארגן (שבת קנ"ג ע"א).

# שפּרוכן פון די ניט־אידישע געלערנטע
# וועגן מאָראַל און עטיק.

ביאס האָט געזאָגט: „מאַך אַלע דיינע זאַכן אין אַזאַ אָרדנונג פּונקט ווי דו וואָלסט שוין דאַרפן שטאַרבן, און אויך אַזוי פעסט און גרונטליך אַזוי ווי דו וואָלסט דאַרפן אייביק לעבן״.

דער פראַנצויזישער פּאָעט מאַסיליון שטעלט פאַר דאָס בילד ווען מען פירט אַ מערדער צו דער תליה און וועגן וואָס ער קלערט דאַמאָלס: ער זעט פאַר זיך דעם גאַנצן תהו ובהו פון זיין לעבן, ער קוקט אויף זיין פאַרגאַנגענהייט, ער באַטראַכט זיין צוקונפט, ער זעט נאָר אַ שרעקלאַכן תהום . . . .



# די לערע פון קבלה און חסידות.

קבלה — אויב צו רעדן אויספירלעכער וועגן דער דאָזיקער געטליכער וויסנשאַפט — באַדייט אין איר ברייטערן זין דאָס זעלביקע וואָס „מסורה" (איבערגעבונג, טראַדיציע). די קבלה נעמט אַרום ניט בלויז די „חכמה נסתרה" (געהיימע וויסנשאַפט), וואָס מ'טאָר ניט לערנען עפנטלאַך, נאָר אויך די מעטאָדע, ווי אַרויסצודרינגען נייע געזעצן פון די געזעצן, וואָס זענען פאַרפיקסירט אין די כתבי הקודש; ווי אויך אייניקע פונדאַמענטאַלע געזעצן, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן בעל־פה צו משה'ן אויפ'ן באַרג סיני. אין ענגערן זין פון וואָרט, אָבער, הייסט קבלה בלויז די טראַדיציע פון די געהיימע וויסנשאַפטן.

די דאָזיקע וויסנשאַפט ווערט איינגעטיילט אין „טעאָרעטישער" און „פּראַקטישער" קבלה. די טעאָרעטישע קבלה נעמט אַרום די לערע וועגן דעם מהות פון גאָט, וועגן זיינע „מידות" (אַטריבוטן, אייגנשאַפטן), וואָס ווערן אַנגעוואָונקען אין זיינע פאַרשיידענע נעמען („שמות"), וועגן דעם אויפקום פון דער וועלט דורך אַ מדרגות'ווייזער באַגרעניצונג פון זיין אומענדלאַכער שלימות (פאָלקאָמענשאַפט) און וועגן דער פאַרהעלטעניש פון אַלע זאַכן איינ'ם וועלטאַל צו זיין העכסטן וועזן. די פּראַקטישע קבלה איז די לערע, ווי צו באַנוצן זיך למעשה מיט די שמות הקדושים (גאָט'ס נעמען), וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די באַזונדערע אופנים פון ווירקונג אויף די געגנשטאַנדן פון דער נאַטור און די באַזונדערע באַציאונגען צו זיי — ד. ה. ווי, מיט דער הילף פון די דאָזיקע „שמות", צו ווירקן אויף די געגענשטאַנדן פון דער נאַטור צו אייגענע צוועקן. די דאָזיקע שמות הקדושים זענען ניט גלאַט נעמען, נאָר זיי ווערן באַטראַכט ווי נאַטירלאַכע צייכנס און סימבאָלן, אַזוי, אַז אַלץ, וואָס עס ווערט געמאַכט מיט דער הילף פון די דאָזיקע צייכנס, מוז האָבן אַ ווירקונג אויף די געגנשטאַנדן, וואָס זיי סימבאָליזירן מיט זיך.

תחילת איז די קבלה, משמעות, געווען ניט אַנדערש ווי פּסיכאָלאָגיע, פיזיק, מאָראַל, פּאָליטיק וכדומה, וואָס זענען דורך סימבאָלן און היעראָגליפן פאַרגעשטעלט געווען אין פאַבלען און אַלעגאָריעס, און די געהיימע כוונה פון די דאָזיקע פאַבלען און היעראָגליפן האָט מען מגלה געווען בלויז יחידי סגולה, וואָס זענען מסוגל געווען צו פאַרשטיין. אין משך פון דער צייט איז די געהיימע כוונה זייערע, אפשר מחמת געוויסע איבערקערענישן, פאַרגעסן געוואָרן און עס זענען פאַרבליבן בלויז די צייכנס און די סימבאָלן, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן, אנשטאָט די זאַכן, וואָס זיי האָבן מיט זיך באַצייכנט. אָבער אַזוי ווי מ'האָט לייכט געקענט באַמערקן, אַז אין די דאָזיקע צייכנס איז זיכער באַהאַלטן עפּעס אַ זין, וואָס איז שוין לאַנג פאַרלאָרן געגאַנגען, האָט מען געגעבן דער פאַנטאַזיע די פולע פרייהייט אויסצוגעפינען דעם דאָזיקן געהיימען זין און זוכן נייע כוונות און רמזים . . .

עס זענען דאָ צוויי הויפּט-שיטות אין קבלה (א): די שיטה פון ר' משה קאָרדאָוועראָ (1522-1570), איינער פון די גרעסטע מקובלים, גרינדער פון אַ נייער וויסענשאַפטלעך-פילאָזאָפישער שיטה אין קבלה,

---

**(א) מיסדה ומחוללה הראשון של תורת הנסתר החדשה (הקבלה) הוא ר' יצחק סגי־נהור, שנקרא „אבי הקבלה" והיה בנו של ר' אברהם בן דוד מן פושקיר.**

החכם לאנדואר (ליטרטורבל. 71, צד 215, יעללינעק שב ג"כ לדעת לאנדואר; ראה קטלוג, צד 524 וצד 956, גם יעללינעק פלוסופיה וקבלה, צד 42) מיחס אליו את „ספר הבהיר" או „מדרש ר' נחוניה בן הקנה" (בכל אופן חבר הספר הזה בזמנו של ר' יצחק הנ"ל). הרב עזרא, תלמידו של ר' יצחק היה, לפי המסופר, רבו של הרמב"ן (בארץ ספרד). אולם, אף כי נכתב הרבה על אודות הדבר הזה, לא התברר עוד לנכון, אם עזרא הזה הוא הוא הרב עזריאל (בן שלמה או בן מנחם?) שנזכר בתור תלמידו של הרמב"ן, או לא. לפי דעת משה בן שלמה בן שמעון מבורגוס, אחד המחברים של המאה השלש עשרה, אשר לא נוכל לסמוך על דבריו הרבה, שאב הרמב"ן את שיטתו הקבלית מספר אחד שנקרא „מסרת", אשר חברו איזה רב שנקרא בשם אלחנן

מחבר פון „פרדס רמונים" און „אור נערב"), און די שיטה פון ר' יצחק לוריא (געבוירן אין ירושלים אין יאָר 1534 און געשטאָרבן אין צפת אין יאָר 1572, איינער פון די געניאַלסטע מקובלים פון אַלע צייטן און איינער פון די געציילטע אויבערמענשן, וואָס זענען ווען עס איז געווען אויף דער וועלט. באַרימט אונטער'ן נאָמען דער אר"י, ראשי תיבות: אשכנזי ר' יצחק, אויך אר"י הקדוש). ר' משה איז מער רעאַליסט, ד. ה. ער איז נענטער צום שכל, איידער דער אר"י, פאַרקערט, דער אר"י איז מער פאַרמעל, ד. ה. פולשטענדיקער אין דער פאָרם, אינ'ם בוי פון זיין סיסטעם, איידער ר' משה קאָרדאָווערא. די נייע מקובלים גיבן אָפּ די בכורה גראַד דעם אר"י, ווייל זיי האַלטן פאַר עכטער קבלה בלויז דאָס, וואו עס איז ניטאָ קיין שכל'דיקער זין. דאָס הויפּט-ווערק פון ר' משה קאָרדאָווערא איז דער „פרדס רמונים". פון ר' יצחק לוריא זענען פאַרבליבן בלויז אייניקע ניט פאַרענדיקטע ספרים. אָבער זיין תלמיד ר' חיים וויטאל (פון קאלאבריא 1543-1620, אויסערגעווענלאכער בעל דמיון, אויך אויבערמענש, באַגייס-

---

(בן יצחק בן שמואל?) בעת ההיא חי גם ר' יוסף בן שמואל, אשר התקים עוד חלק אחד מפרושו על ספר בראשית בספרו של ר' יעקב בן ששת. ר' אלעזר מוירמיזה (1220) חבר ספרים הרבה ע"ד הקבלה, למשל: פירוש לספר יצירה, „סדור תפלה" ו„סודי רזיא", אשר את קצורו קראו אח"כ בשם „רזיאל הגדול". בין תלמידיו הרבים היה גם ר' אברהם בן אלכסנדר (או אכסלרד) מעיר קולוניה, ומחבר הפירוש לס' יצירה (לנדואר צד 213) שיחסוהו לרבינו סעדיה. אולם רב אחד, שנקרא בשם מנחם, היה לפי הנראה תלמידו של הרמב"ן.

בהמאה השלש עשרה, ביחוד במחציתה השניה היו חכמי קבלה מצוינים, אך ספריהם, שהם רבי הערך מאוד בנוגע לקורות התפתחותה של הקבלה, הנם דורשים עוד חקירה ועיון רב, מלבד זאת חברו בהמאה הי"ד והט"ו, ואשר יחסו אותם המקובלים לה„אבות", למשל: לאדם הראשון, חנוך ואברהם; להנביאים: משה, אליהו, ירמיהו ואחרים; לחכמי התלמוד: ר' עקיבא, ר' ישמעאל בן אלישע, ר' נחוניה בן הקנה, שמעון הצדיק, שמעון הפקולי, וביחוד לר' שמעון בן יוחאי; להגאונים: „סעדיה, שרירא, האי, ושני הגאונים: ר' חמאי ור' דוסתאי. אח"כ יחסו את ספרי הקבלה גם לחכמים מאוחרים, למשל, לר' אברהם בן עזרא, וגם להרמב"ם (את הפרטים ראה צונץ, ג. פ. צד 405 והלאה).

טערער תלמיד פון דעם אר״י, אויסטייטשער און פארשפרייטער פון זיין לערע) האט אנגעשריבן א גרויס ווערק „עץ חיים״ וואו ער האט איבערגעגעבן די גאנצע שיטה פון זיין רבי׳ן.

דער הויפט-מקור אויף צום שטודירן די קבלה איז דער „זוהר״ וואס איז געשריבן אין א זער א דערהויבענעם סטיל אין דער סירישער שפראך. אלע אנדערע ספרי-קבלה דארף מען באטראכטן בלויז ווי פירושים צום „זוהר״ אדער ווי לקוטים פון אים.

אין סוף פון די אכציקער יארן פונ׳ם דרייצנטן יארהונדערט, האט משה בן שם-טוב די ליאון אויס דער שפאנישער שטאט גוואדא־לאסקאר, א פארפאסער פון פילע גאנץ מיטלמעסיקע ספרי קבלה, אנגעהויבן צו פארשפרייטן אין פילע אפשריפטן דעם „מדרש הזוהר״, וועלכער איז ביז דעמאלט געווען אינגאנצן אומבאקאנט. משה די ליאון האט דערקלערט, אז דעם דאזיקן ספר האט דורך רוח-הקודש געשריבן דער הייליקער תנא ר׳ שמעון בן יוחאי בעת ער איז געלעגן באהאלטן אין דער הייל, און דערנאך האבן אים פארענדיגט זיינע תלמידים. דעם אלטן כתב־יד זאל האבן געפונען דער רמב״ן בעת ער איז געווען אין ארץ-ישראל, און האט איבערגעשיקט זיינע אייגענע קיין קאטאלאניע, און פון דארט איז ער איבערגעגאנגען צו אים, משה די ליאון אין די הענט.

די פראגע וועגן דער אנטשטייאונג פונ׳ם זוהר, וואס איז אין משך פון לאנגע דורות געווען אזוי געהייליקט ביים פאלק, איז נאך עד-היום ניט אינגאנצן געלייזט. עס איז אבער קיין שום ספק ניט, אז ניט משה די ליאון איז דער פארפאסער פון דעם אויסערגעווענליכן ווערק. עס איז אויך קלאר, אז דער זוהר איז ניט קיין איינהייטלעך ספר, געשריבן פון איין פעדער, געשאפן פון איין גוס. אייניקע חלקים פונ׳ם זוהר, ווי דער „ספרא דצניעותא״, „אידרא רבא״ און „אידרא זוטא״, זענען ווארשיינלעך שוין זער אלט און זייער היימאט איז געווים דאס לאנד, וואו עס איז געשטאנען די וויג פון דער אידי־

שער מיסטיק־פּאָדער־אַזיע (א. פ. לא קאבאלא נאָך יעלינעק׳ס דייטשע איבערזעצונג לייפּציג 1844). עס איז אויך מעגליך, אַז די דאָזיקע מיסטישע קונטרסים האָט די פאָלקס־מסורה ווירקליך פאַרבונדן מיט׳ן פּאָפּולערן נאָמען פון שמעון בר יוחאי, דעם באַליבטן העלד פון פילע מיסטישע ווערק (למשל: תפילות ר׳ שמעון בן יוחאי, נסתרות ר׳ שמעון בן יוחאי, מכילתא דר׳ שמעון בן יוחאי).

צי זענען די דאָזיקע קונטרסים ווירקליך איבערגעשיקט געוואָרן פון פּאָדער־אַזיע קיין שפּאַניע דורך דעם רמב״ן, צי דורך אַנדערע הענט, דאָס איז נאַטירלעך שווער פעסטצושטעלן, און עס איז אויך בכלל ניט וויכטיק. עס איז אויך קיין ספק ניט, אַז פילע בלעטער פונ׳ם זוהר, ווי דאָס האָט שוין אין זיין צייט פעסטגעשטעלט לאַנדויער, (אין „ליטעראַטורבלאַט דעם אָריענטס״ 1845, 178 א. וו. לאַנדויער איז אָבער באַגאַנגען דעם טעות וואָס ער האָט גערעכנט, אַז אברהם אבולפיה איז דער פאַרפאַסער פונ׳ם גאַנצן זוהר. אין דעם זעלבן טעות פאַלט אויך אַריין שמעון בערנפעלד „דעת אלהים״ 378) געהערן אברהם אבולפיה. משה די ליאון איז העכסט וואַרשיינליך געווען בלויז דער רעדאַקטאָר, וואָס האָט באַאַרבעט און אויפסניי רעדאַקטירט דעם אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל. ביי איצטיקער צייט איז אָבער שווער צו באַקומען אַ קלאָר בילד וועגן דער דאָזיקער רעדאַקטאָרישער אַרבעט פון משה די ליאון, ווייל דער טעקסט פונ׳ם געדרוקטן זוהר אונטערשייד זיך זער פון דעם טעקסט, וועלכן משה די ליאון האָט בשעתו, פאַר דער וועלט אַנטפּלעקט. אין די שפּעטערדיקע דורות האָט מען פילע שטעלן אַרויסגעוואָרפן, נייע אַריינגעשטעלט, און ביז איצט האָט מען זיך נאָך ניט געגעבן די מי קריטיש צו פאַרגלייכן דעם געדרוקטן טעקסט מיט די אַלטע מאַנוסקריפּטן.

אַזוי ווי עס איז מערקווירדיק די געשיכטע פון דעם זוהר, אַזוי איז ער גופא מערקווירדיק. געשריבן איז ער אין דער פאָרם ווי עס זענען אויפגעשטעלט די מדרשים, און דערנאָך גייט אַ פּסוק פון תנ״ך, און צו דעם קומען אויסטייטשונגען, אָפטמאָל אַזעלכע וואָס

לויט אונזער פאַרשטאַנד האָבן זיי צום פסוק גופא קיין שייכות ניט. מיר געפינען אַלץ: פּאָעזיע און פילאָזאָפיע, איינלעבענישן, כיראָמאַנטישע באַטראַכטונגען וועגן טרעפן דעם גורל פון מענשן, לויט די שטריכן פון זיין האַנט, דערציילונגען וועגן דער באַשאַפונג פון דער וועלט, און דער עיקר — חקירות וועגן גאָט און גאָטהייט, וועגן די פליכטן פון אַ איד, וועגן משיח׳ס צייטן.

דאָס אַלערהעכסטע אויף דער גאַנצער וועלט קומט אויס, לויטן זוהר, איז דער „אין סוף" (די אומענדליכקייט). דער „אין סוף" איז ניט אַרויסגערופן געוואָרן דורך קיין שום סיבה, איז קיינמאָל ניט באַשאַפן געוואָרן. ער איז אַלעמאָל געווען און וועט אַלעמאָל זיין. דער „אין סוף" בלייבט אַלעמאָל דער זעלביקער; בייטן, בייטן זיך נאָר די פאָרמען אין וועלכע ער דערשיינט פאַר׳ן מענש. דער „אין סוף" האָט אין זיך אַלע מעלות. ער איז גאַנץ, אים פעלט קיין זאַך ניט.

פונ׳ם „אין סוף" קומט אַרויס די ערדישע וועלט. אָבער ניט דירעקט, ווייל פון דער געטלעכער שלימות (פאָלקאָמענהייט) קענען דאָך ניט אַרויסוואַקסן חסרונות און זינד. צווישן דער אויבערשטער וועלט פון געטלעכער אומענדלעכקייט און אונזער פּראַקטישער וועלט, געפינען זיך צען „ספירות" וואָס דורך זיי גייט דורך די געטלעכקייט אויף איר וועג צו דער ערד. יעדע ספירה איז אַ געוויסע אייגנשאַפט פון דער גאָטהייט: חכמה, פאַרשטאַנד, וויסן, שטענדיקייט, פּראַכט, און אַזוי ווייטער. די געטלעכקייט לאָזט זיך אַראָפּ פונ׳ם „אין סוף" איבער די „ספירות" וואָס דערנענטערן זיך אַלץ מער צו דער מאַטעריעלער וועלט. די נידעריקסטע ספירה איז מלכות (מאַכט); ווען די געטליכקייט איז נאָך נאָענט צו דער מאַטעריע, קען זי זיך ניט באַגיין אָן דער אָנווענדונג פון כח. די אויבערשטע, צענטע ספירה איז כתר (די קרוין) וואָס גיסט זיך צוזאַמען מיט דער אומענדלעכקייט.

די ערדישע וועלט איז אָבער אויך ניט אינגאַנצן שלעכט. פונ׳ם „אין סוף" און דורך די ספירות ביז דער לעצטער ספירה מלכות, גייען

דורך קאַנאַלען (אין זוהר רופט זיך דאָס „צינור"), וואָס דורך זיי שטראָמט די געטלעכקייט אין אונזער ערדישער וועלט אַריין. דעריבער, איז אין יעדן מענש, אַפילו אין דעם גרעסטן רשע פאַראַן אַ פונק (אַ „ניצוץ", ווי די קבלה רופט דאָס) פון דעם געטלעכן „אין סוף". און פאַרקערט, איז מעגליך, אַז דורך דערהויבונג פון זיין נשמה (עלית-נשמה) זאָל זיך דער מענש, דורך די קאַנאַלען וואָס ציען זיך צווישן די ספירות, דערהויבן צו די העכערע וועלטן. דער גאָר-גרויסער צדיק קען זיך אין מאָמענטן פון „עלית-נשמה" דערהויבן שיעור ניט ביזן אין-סוף אַליין.

די נשמות געפינען זיך אַלע אין דער העכערער וועלט, „אין שוים פון דער גאָטהייט". זיי ווערן אַראָפּגעשיקט אויף דער זינדיקער וועלט, כדי זיי זאָלן זיך דאָ לייטערן און פאַרפאָלקאָמען. אויב אין זייער ערדישן לעבן האָבן זיי ניט באַוויזן דאָס אָפּצוטאָן, שיקט מען זיי אַראָפּ נאָכאַמאָל אויף דער ערד, און זיי קענען מגולגל ווערן אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל אין אַ נייעם גוף, ביז וואַנען זיי וועלן אינגאַנצן אויסגעלייטערט ווערן.

משיח'ס נשמה וועט קומען אויף דער וועלט די לעצטע, ווען אַלע עקזיסטירענדיקע נשמות וועלן שוין זיין דורכגעגאַנגען זייער וועג. נאָר צוליב דער זינדיקייט פון די מענשן ווערן קיין נייע נשמות ניט געבוירן, און מ'שיקט אַראָפּ פון הימל אַלץ די אייגענע נשמות, זיי זאָלן זיך רייניקן נאָך און נאָך. די רשעים, הייסט עס, פאַרהאַלטן די גאולה, די אויסלייזונג (אויף קבלה-לשון הייסט עס: „זיי זיינען דוחק דעם קץ"). דער צדיק ווידער, דערנענטערט די אויסלייזונג. ווען ער דערהויבט זיך צו די העכערע וועלטן, רופט ער אַרויס אַ שטאַרקערע אויסשטראַלונג פון די ספירות. ממילא ברענגט ער אַראָפּ מער געט־ליכקייט אויף דער וועלט.

ווען אַלע נשמות וועלן זיך אומקערן אין הימל געלייטערטע, ריינע און פאָלקאָמע, דאַן וועט קומען משיח, אַט אַזוי לערנט דער „זוהר".

די גרויסע שאלה וואָס האָט געמאַטערט דעם אר"י הקדוש, און וואָס האָט געמאַטערט אַ סך מענטשן פאַר אים: אויב גאָט איז אַלץ, ער פילט אָן מיט זיך מיט זיין עקזיסטענץ די גאַנצע וועלט און עס איז ניטאָ קיין שום שטיקל ליידיק פּלאַץ וואו ער, גאָט, זאָל ניט זיין, קומט דאָך די שווערע פראַגע — טאָ ווי אַזוי האָט געקענט באַשאַפן ווערן די וועלט? וואו איז געווען פאַר איר פּלאַץ, אַז אַלעס איז געווען פאַרנומען פון גאָט? ווי אַזוי האָט איבערהויפּט געקענט עטוואָס געשאַפן ווערן אַז אַלעס און אומעטום איז געווען און איז גאָט, אַלעס איז געוועזן, אַזוי צו זאָגן, פאַרנומען מיט אים, מיט גאָט אַליין? איז די שאלה פאַרענטפערט געוואָרן מיט דעם זוהר דורך דעם אר"י הקדוש אַליין: „איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, איז געווען בלויז ער אַליין און זיין נאָמען. דער אין-סוף (אומענד־לעכער) האָט אויסגעפילט אַלע וועלטן און עס איז ניט געווען קיין אָרט וואו די ליכטיקייט פון גאָט זאָל ענטדעקט ווערן אין די פיר מדרגות אין וועלכע די וועלט איז איינגעטיילט: אין דער וועלט פון אצילות, די וועלט פון בריאה, די וועלט פון יצירה און די וועלט פון עשיה. אום צו מאַכן פּלאַץ פאַר די דאָזיקע וועלטן האָט גאָט אַליין (דער אין-סוף) זיך, אַזוי צו זאָגן, איינגעצויגן, זיך מצמצם געווען כביכול, און דורך דעם זענען באַשאַפן געוואָרן די פיר וועלטן פון וועלכע איינע איז נידעריקער און גרעבער ווי די אַנדערע, ביז וואַנען עס קומט צו דער פּראַקטישער מאַטעריעלער וועלט אין וועלכער מיר לעבן. אַלע פיר וועלטן אָבער, ווערן געשפּייזט פון דער ליכטיקייט פון אין-סוף, פון גאָט אַליין, און אָט אַזוי איז עס געקומען, דורך דעם סוד פון „שבירת הכלים" די פאַרבינדונג פון דאָס גאָר-העכסטע, פון דער געטליכקייט אַליין, צו דאָס גאָר נידעריגסטע, דעם עולם אין וועלכן מיר געפינען זיך. די דאָזיקע פאַרבינדונג איז קענטיג אין די נשמות וועלכע זענען דער בריק צווישן דאָס וואָס איז אייביק און דאָס וואָס איז צייטליך און פאַריבערגייענד".

„אַלע נשמות וואָס גייען אַראָפּ אין דעם עולם השפל, זענען געווען אין אדם הראשון. אָבער יעדע נשמה האָט אַ באַזונדערע

מדרגה, לויט דעם טייל פון גוף פון דעם אדם קדמאה, פון וועלכן זי קומט ארויס. עס זענען פאראן העכערע און נידריקערע נשמות. נשמות וואס קומען פון מח פון אדם הראשון און נשמות וואס קומען פון זיינע הענט און פיס, א. א. וו. די העכערע נשמות זענען אריין אין אידישען פאלק און די נידריקערע זענען אריין אין די אומות העולם. אבער אין די הויכע נשמות זענען פאראן נידריקע זאכן אויך, און פארקערט, אין די נידריקע נשמות זענען פאראן הויכע זאכן, אזוי אז עס איז פאראן א צומישונג אין אלע נשמות, אי אין די גוטע, אי אין די שלעכטע. עס איז פאראן אומעטום צוזאמענגעמישט די קדושה און די טומאה להבדיל, אדער די סיטרא אחרא. משיח קען נישט קומען סיידען די קדושה זאל זיך אפטיילן פון דער טומאה, די נציצות הקדושות זאלן זיך ארויסטיילן פון די קליפות און ערשט דאן וועט די וועלט ווערן גאנץ, וועט ווערן הייליק, און דאמאלט וועט קומען די אמת׳ע מלכות ש״י.

„ווי אזוי אבער קען אפגעטיילט ווערן די קדושה פון דער טומאה, דאס קען נאר קומען ווען די אידן וועלן ריין ווערן דורך מצוות און מעשים טובים פון אלע חטאים. ווען דאס וועט פאסירן, וועלן די אידן ארויס פון גלות און מיט זיי וועט ארויס פון גלות אויך די שכינה און די אויסלייטערונג וועט קומען פאר אידן און פאר דער גאנצער וועלט״.

„די גאולה פון דער גאנצער וועלט, פון אלץ וואס איז שפל און פאראיבערגייענד, פון אלץ וואס איז גראב און טמא, פון אלץ וואס איז קליין, פארדארבן און פארשוועכט, קען נאר קומען צוזאמען מיט דער אידישער אויסלייזונג פון גלות״.

און ר׳ יצחק לוריא, דער האר״י הקדוש, האט באשלאסן צו טאן אלץ וואס עס איז אין זיינע כוחות צו ברענגען נעענטער, דורך זיין שיטה אין קבלה, דעם גרויסן מאמענט פון דער דערלייזונג, דעם מאמענט ווען אלע נצוצים פון קדושה זאלן ארויסגענומען ווערן פון

די קליפות אין וועלכע זיי זענען געפאנגען, און ווען די ליכט פון אמת, פון ריינקייט, פון הייליקייט זאל באשיינען פריער די אידן און נאכער די גאנצע וועלט.

די חסידישע אגדה דערציילט, אז ר׳ ישראל בעל שם טוב, דער גרינדער פון חסידות, פלעגט א סך מאל פארלאזן די שטאט און גיין אין די פעלדער און וועלדער, גייען און טראכטן אויף אלעם וואס איז געמאכט. און אזוי גייענדיק פארטראכט דורכאנאנד עטליכע טעג, קיין עסן און טרינקען איז ניט געקומען אין זיין מויל, האט ער געזוכט די געטליכקייט, און סוף כל סוף האט ער געפונען דאס וואס ער האט געזוכט. און ווען ער האט דערגרייכט דאס וואס ער האט געוואלט, האט ער פארלאזן די פעלדער און וועלדער, די גרעזעלאך און די בוימער, און איז געקומען צווישן מענשן צו לערנען זיי חסידות, די לערע פון די געטליכקייט.

דער בעש״ט איז געווען א סך יארן אפגעזונדערט פון דער וועלט, אבער נישט באהאלטן איז ער געווען אין א פינסטערן חדר, נאר צווישן בערג און טאלן, אונטער די בלויע הימלען. דער בעש״ט איז געווען פאראייניגט מיט דער נאטור. ער האט אין זיך אריינגעשעפט די שטראלן פון דער זון און האט פון דעם געהאט פארגעניגן. אין דעם גאנצן באשאף, אין דעם שיינקייט פון דער נאטור, אין דעם שיינקייט פון די בוימער און די גראזן, האט דער בעש״ט געפונען גאט פול מיט פרייד, וואס ער פרייט זיך אויף די ווערק פון זיינע הענט און וויל אין דעם תיקון פון דער וועלט — ווייל גאט איז פול מיט חסד, ליבשאפט און בארמהערציקייט צו יעדער לעבעדיקער זאך, און די געטלעכקייט איז מלא כל הארץ כבודו. עס איז ניטא אן ארט וואו עס איז ניטא די געטליכקייט. און אין דעם ארט וואו עס געפינט זיך דער מענש, דארט געפינט זיך די געטליכקייט . . . „הקדוש-ברוך-הוא הוא סוף כל עלמין ולעילא מכילא ותחית כל עלמין וממלא כל עלמין והוא מקומן של כל העולמות.

און ר׳ ישראל בעש"ט קומט צו די אָפּטימיסטישע מיינונג, אַז קיין באַשטימטקייט פון שלעכטס איז גאָר נישטאָ אויף דער וועלט, און קיין שום פאַרצווייפלונג איז ניט פאַראַן ביי די מענשהייט „בכל דבר רע יש דבר טוב בכל דין יש חסד".

אַלס אמת'ער מדריך און פירער, האָט דער בעש"ט ניט בלויז זיך פאַרנומען מיט גייסטיקע לערע, וואָס ער האָט געמאַכט צוגענגליך פאַר'ן פאָלק, נאָר ער האָט אויך געזאָרגט פאַר זיין עקאָנאָמישן צושטאַנד. ער האָט מיט זיי געלערנט מענשליכקייט, ברידערליכקייט. ער האָט זיי גוט פאַרטייטשט דעם מאמר „מה דעלך סני לחברך לא תעביד". וואָס דיר איז ניט ליב זאָלסטו דיין חבר ניט טאָן. ער האָט זיי אויפגעוויזן די שיינקייט פון שלום, די העכסטע און שענסטע מענשליכע אידעע.

די גרונט־שטריכן פון דער חסידישער שיטה, איז אַ שיטה, וואָס איז באַגרינדעט אויף דער חכמת הסוד, אויף דער פאַרבאָרגענער תורה, וואָס פאַרנעמט אַ וויכטיקן אָרט אין דער אידישער געשיכטע פון מיטלעלטער און שפּעטער. די חסידות איז שטאַרק נאָענט צו צוויי מיסטישע שיטות, וואָס זענען געווען פאַר איר, צו די צוויי מינים קבלה—דער טעאָרעטישער און דער פּראַקטישער.

אַ שפּעטערע שיטה פון חסידות איז די שיטה פון חב"ד (חכמה, בינה, דעת). זי באַשטייט צום אַלעם ערשטן אין זוכן און פאָרשן דעם סוד הבריאה. עס איז דאָ אַ גרויסע ברייטע וועלט, מיר זען עס מיט אונזערע אויגן. ווער האָט די דאָזיקע וועלט באַשאַפן? ווי אַזוי ווערט די וועלט געפירט? וואָס איז דער כח, וואָס שאַפט געזעצן? וואָס זענען די באַציאונגען צווישן דעם שעפער און דאָס געשאַפענע?

און ר׳ שניאור זלמן, דער בעל־התניא, בויט אויף אַ גרויסע פילאָזאָפישע געביידע. ער קומט צום אויספיר, אַז די וועלט איז אַ געשאַפענע און עס איז דאָ אַ שעפער, און דער שעפער איז די אייביקע

סובסטאנץ (העצם הנצחי) וואָס מען רופט עס מיט׳ן נאָמען אין סוף ב״ה, וואָס „ווי זיין נאָמען אַזוי איז ער אָן אַ סוף און אָן אַ גרעניץ״ (תניא פרק מ״ח). און דער שם הוי׳ באַווייזט, אַז ער איז אויך העכער פון צייט (למעלה מן הזמן) ווייל ער איז געווען, איז און וועט זיין אין איין און דערזעלבער צייט (שער היחוד והאמונה פרק ז׳) און „ער איז פול אין אַלע וועלטן אויבן און אונטן, און אַלעם לגבי אים איז גאָרניט, ווייל אַלעם וואָס געפינט זיך (דאָס געשאַפענע) ווערט לגבי אים בטל ממש״ (תניא ל״ג). „ער פילט אָן אַלע וועלטן און עס איז ניטאָ קיין אָרט וואו ער זאָל זיך ניט געפינען״ (שער היחוד והאמונה פרק ו׳).

ווי אַזוי דער שעפער איז אָבער אין אמת׳ן, דאָס קענען מיר קיין מאָל ניט וויסן. ער איז אַזוי ווי ליכט, וואָס מיר קענען בלויז זען, ווען געוויסע געגנשטאַנדן ווערן באַלויכטן. זאָל ליכט פאַלן אין אַ ליידיק פלאַץ, וואו עס קען קיין זאַך ניט באַשיינען, וואָלטן מיר ניט קיינמאָל וויסן, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי ליכט. און אַזוי איז די געטליכקייט. מיר דערקענען גאָט ניט ווי ער איז פאַר זיך, נאָר דורך די געשאַפענע זאַכן ווייסן מיר, אַז עס איז דאָ אַ שעפער „מבשרי אחזה אלוה״ — טאַקע מבשרי ממש, און הגם מען קען ניט זען גאָט מיט דעם ריין-גשמיות׳דיקן אויג, אָבער דאָ איז ער, אַזוי ווי דער מענש פילט און ווייס פון דעם נפש וואָס זיצט אין אים, הגם מען קען דעם מהות פון נפש ניט זען ווי אַזוי ער איז, נאָר מיר ווייסן עס דורך דעם, וואָס מיר זען דעם חיות פון קערפּער וואָס קומט פון נפש״ (לקוטי תורה אמור אות ב׳), און נאָר „מיט איין מאָס קענען מיר באַגרייפן די געטליכקייט און דאָס איז מיט דעם באַגריף אין סוף״ (תניא מ״ח).

און אָט דער שעפער האָט עס געשאַפן די גאַנצע וועלט, די גאַנצע בריאה, און דער באַגרינדער פון חב״ד בויט דאָ אויף אַ גרויסע געביידע דורך תורת הצמצום (באַשרענקונגס טעאָריע) און באַווייזט ווי אַזוי פון דעם אין-סוף ואין-גבול איז געשאַפן געוואָרן אַ וועלט, וואָס

האָט אי אַ סוף און אי אַ גבול. אָבער דאָס געשאַפענע באַווייזט ער, איז ניט ווי אַ כלי, וועלכע נאָך דעם ווי זי ווערט פּאַרטיק דאַרף זי שוין מער ניט האָבן איר יוצר, נאָר עס מוז שטענדיק קריגן די השפעה פון איר שעפער—פון גאָט. גאָט איז שטענדיק מחיה ומהוה דאָס געשאַפענע און די גאַנצע שאַפונג האָט אָן און פאַר זיך קיין שום מציאות ניט ווען דער שעפער זאָל, חלילה, פאַר איין רגע אַוועקנעמען זיין השפעה, ווערט אַלץ תוהו ובהו ווי פאַר איר באַשאַפונג.

„דער מענש"—דענקט דער בעל-התניא—„באַזיצט צווייערליי מדות נאַטירלעכע, איינגעבאָרענע, ווי רחמנות אָדער אכזריות, קמצנות אָדער פּזרנות און נאָך אַזעלכע, וועלכע הענגען לחלוטין ניט אָפּ פון שכל און טעם, און שכל'דיקע, וואָס שטאַמען אָפּ פון שכל און פאַרשטאַנד". ווען אַ מענש נעמט זיך אַריינצוטראַכטן אין אַ געוויסע זאַך קומט ער צום באַשלוס, וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט און דאָס שאַפט ביי אים התפעלות הלב" (סדור של הרב שער התפילין); און די מדות וואָס קומען פון שכל, דאָס זענען די גרעסטע מדות. זיי זענען בכח צו אונטערדריקן די נאַטירלעכע און איינגע־באָרענע מדות און זיי איבעראַנדערשן, ווי למשל פאַרוואַנדלען אכזריות אין רחמנות. „די מדות פון שכל זענען מהפך די מדות טבעיות לקודש און די מענשן וואָס טוען עס, זענען „צדיקים גמורים" (תניא פרק י"ד).

און לויט דיזער אנזיכט בויט דער בעל התניא זיין גאַנצע עטיק און ווייזט אַרוים ווי מענשן קענען דערגרייכן די העכסטע און בעסטע מדות, וועלכע דאַרפן פּראַקטיצירט ווערן אין לעבן, ווייל זיי שטאַמען פון שכל און דער שכל איז זיי מחייב.

ר' שניאור זלמן, דער בעל התניא, גיט זיך אויך אָפּ אין זיין לערע מיט די פראַגן פון ידיעה ובחירה, תורה, מצוה, צדקה, יראת אלהים, אהבת אלהים און תפלה, תורה און לימוד התורה שטייט ביי

אים זער הויך (א). ער ווייזט אָן, אַז קודם כל מוז מען לערנען תורת נגלה, הגם ער האַלט, אַז תורת הנסתר שטייט אויף איין הויך מיט תורת הנגלה. מקיים זיין אַלע מצות פון דער תורה איז איינע פון די הויפּט אויפגאַבן פון מענשלאַכן לעבן. „דער ענין פון פּראַקטישע מצות איז הויך, זער הויך, און גלוי שכינה איז נאָר דוקא אין מצות מעשיות" (תורה אור מקץ), און די שכינה רוט אויף דעם מענשלאַכן גוף נאָר דורך מעשים טובים דוקא" (תניא פּרק ל"ח). צדקה איז געווים ביי אים איינע פון די נויטווענדיקסטע זאַכן אין מענשלאַכן לעבן, און אַזוי אויך וועגן יראת אלהים, אהבת אלהים און איבער־הויפּט תפלה.

אָבער גאָר אַ באַזונדערן פּלאַץ פאַרנעמט ביי אים דער אָפּטי־מיזם. די קבלה, ביז דעם חסידיזם, האָט פאַרשפּרייט מרה שחורה גייסט אויף דעם מענשן. דער מענש מוז שטענדיק טרויערן, מוז שטענדיק וויינען, זיך פּייניקן און אָנטאָן סגופים און אַזוי ווייטער,

(א) „התניא" הוא מפתח או בנין־אב להערכת תלמוד תורה וקיום מעשי המצות בפועל עפ"י דרך הקבלה והחסידות. כעין שהיה „המורה" מפתח להערכת החזיונות והתורות הנזכרים בתנ"ך בדרך פלוסופי. וכמו שבס' „המורה" משוזרה ומהודקה תורת הנביאים עם תורת הפלוסופיה. כן משוזרה ומהודקה בס' „התניא" התורה הנגלית עם תורת הנסתרות . . . הוא מטעים וחוזר ומטעים שאין לך ענין יותר גדול מתלמוד תורה. „שבה נתגלתה מחשבת הקב"ה ורצונו", כי „הרצון העליון הוא הדבר־הלכה עצמה", „שכל ההלכות הן פרטי המשכות פנימיות רצון העליון" (פרק כ"ג), ובשביל כך „גדלה מעלת העוסק בתורה יותר מכל המצות ואפילו מעוסק בתפלה" (שם וראה עוד פרק ל"ז). ומשחרב ביהמ"ק אין לנו מקום להשראת שכינתו ית' אלא בהלכה ובת"ת (פרק ל"ט). ובהטעמה מיוחדה הוא אומר עוד: עסק התורה נקראת בלשון קריאה, קורא בתורה, שע"י עסק התורה הוא קורא להקב"ה לבוא אליו . . . וז"ש לכל אשר יקראוהו באמת ואין אמת אלא תורה דהיינו שקורא להקב"ה ע"י התורה דוקא, לאפוקי מי שקורא אותו שלא ע"י עסק התורה אלא צועק כך: „אבא, אבא! וכו'" (פרק ל"ז).

בקונטרס אחרון לאגרת הקודש שנדפס בסוף ס' התניא (דף ס"ח ע"ב) הוא מעורר את כל אנ"ש לתקן תקנה קבועה לגמור הש"ס בכל שנה ושנה ובכל עיר ועיר ולחלק המסכתות על פי הגורל וכו'.

כדי צו לייטערן זיין נשמה. דער בעל־שם־טוב איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געזוכט אַריינצוברענגען שמחה אין מענש־לאַכן האַרץ, ער הייסט פאַרטרייבן פון זיך עצבות און לערנט, אַז די שכינה רוט נאָר דורך שמחה, און פון שמחה ווערט שטאַרקער דער גייסט און דער שכל.

דער „רב״ בעל התניא, זייענדיק אַ תלמיד פון מעזריטשער, וואָס מיינט אַ תלמיד פון בעל־שם־טוב, האָט אין דער פראַגע פון שמחה און אָפּטימיזם נאָך איבערגעשטיגן זיין רבי׳ן. ער האַלט די מעלה פון שמחה נאָך גרעסער און די מדה פון עצבות נאָך ערגער. עצבות ברענגט צו אַלע שלעכטס. שמחה של מצוה, פאַרקערט, ברענגט דעם מענשן גוטס, אָבער פאַרשטייט זיך, אַז „די שמחה דאַרף ניט קומען דורך נאַריש זיך מאַכן, שכרות אָדער נאָך אַזעלכע זאַכן״, נאָר זי מוז אַרויסקוועלן פון אינווייניק פון זיך נאָך, פון דער אַנער־קענונג, אַז מען גייט אין גאָט׳ס וועגן, פון דעם „פאַרשטיין די גרויס־קייט פון גאָט״.



## מיינונגען פון אידישע און ניט־אידישע געלערנטע, אז די פילאָזאָפיע און אנדערע חכמות שטאמען פון אידן און אז ביי זיי האָבן עס איבערגענומען די אלטע גריכן און אנדערע פעלקער.

שוין אין קדמונישע צייטן איז ניט נאָר ביי אידן, נאָר אויך ביי אנדערע אומות העולם זער פאַרשפרייט געווען די מיינונג, אַז פילאָזאָפיע און אַנדערע חכמות זענען געווען שטאַרק באַליבט ביי די אידן בעת זיי האָבן געפירט אַ זעלבסטשטענדיקן לעבן אין זייער אייגן לאַנד, און אַז טאַקע ביי זיי, ביי דעם עם חכם ונבון, האָבן עס איבערגענומען אַלע חכמות די אַלטע גריכן און אַנדערע פעלקער. נאָכ׳ן חורבן, ווען אידן זענען אַ גלות-פאָלק געוואָרן, האָבן זיי שוין געקאַנט זיך גאַנץ ווייניק אָפּגעבן מיט וויסענשאַפטן און מיט דער צייט אינגאַנצן אין זיי פאַרגעסן.

לויט דער מעלדונג פון דעם גרויסן געלערנטן פאַרפּירויס (DE ABSTINENTIA, 26, 11.) האָט שוין אַריסטאָטעל׳ס תלמיד טעאָ־פראַסט גערופן די אידן דאָס פאָלק פון פילאָזאָפן (א).

אין די צייטן פון פילו אַלכסנדרוני האָבן ניט בלויז ביי אידן, נאָר אויך ביי די אומות העולם, צירקולירט כל־ערליי מעשיות וועגן וויכוחים און אונטערהאַנדלונגען צווישן גריכישע דענקער און אידישע

(א) זע הרכבי׳ס הערות צו דער רוסישער איבערזעצונג פון גרעץ׳ס געשיכטע ב׳ 21, ז. 317; אויך 111. טעאָמענעוו. עוורעי ב. סרעדניע וועקא.

חכמים. פילע געלערנטע זיינען אין דער הינזיכט געגאנגען אזוי ווייט, אז זיי האבן דערקלערט פיטאגארן, פלאטאן און אריסטאטעל פאר תלמידים פון אידישע חכמים.

יוסף פלאוויוס (ב) און עוסעביוס פון קסריא ברענגען אין נאמען פון אריסטאטעל'ס תלמיד קלעארך אן אינטערעסאנטע באשרייבונג, ווי אזוי אריסטאטעל האט בשעת זיין נסיעה איבער קליין-אזיע (אין די יארן 345-347 פאר דער נייער צייטרעכענונג) זיך צוזאמענגעטראפן מיט א גריכיש-געבילדעטן אידן. דער גרויסער גריכישער דענקער איז שטארק נשתומם געווארן איבער דער הויכער בילדונג פון דעם פרעמדן מענשן, וואס איז געקומען פון א ווייטער, פארווארפענער מדינה; באזונדער האבן אים איבערראשט די הויכע באגריפן וואס דער דאזיקער מאן האט געהאט וועגן דער גאטהייט. דערציילנדיק וועגן דעם זיין תלמיד קלעארכן, האט אריסטאטעל געהאלטן פאר נויטיק מוסיף צו זיין: „איך וויים, דו מיינסט אודאי, אז איך דערצייל דיר בלויז א חלום אדער עפעס וואונדערבארעס". ווייטער האט אריס־טאטעל דערציילט, אז דער דאזיקער מאן איז איינער פון די, וואס טראגן דעם נאמען אידן. די דאזיקע מענשן געהערן צו די חכמי הודו; מען זאגט, אז אין אינדיע הייסן פילאזאפן קאלאנען, אין סיריע אבער הייסן זיי יהודים.

אט די דאזיקע אינטערעסאנטע דערציילונג איז אויך וויכטיג דערמיט וואס זי קלערט אונז אויף פון וואנען עס נעמט זיך די לע־גענדע, אז די אידן זענען א פאלק פון פילאזאפן.

---

(ב) זע זיין „קאנטרא אפיאן", חלק 1, קאפ. 22, אין איזרעלסאנס רוסישער איבערזעצונג 42־43.

די לעגענדע, אז די גריכישע פילאזאפיע שטאמט פון אידן איז אויך געווען שטארק פארשפרייט צווישן די קריסטליכע און מוסלמע־נישע געלערנטע. „זיי (די פילאזאפן)”—פארזיכערט מינוציוס פעליקס — „האבן גענאשט זייערע ברעקלעך וויסן און מער־ווייניקער ריכטיקע ידיעות פון די ביכער פון די נביאים”.

„ווער” — רופט אויס דער באקאנטער קריסטליכער טעאלאג טערטוליאן — „פון די דיכטער און סאפיסטן האט ניט געטרונקען פון דעם קוואל פון די נביאים!”

אין דעם אייגנארטיקן עפאס פון חיות און עופות וועלכן קלונימוס בן קלונימוס האט איבערזעצט (אגרת בעלי חיים 111 קאפ. 7) אויף העברעיש פון דער ענציקלאפעדיע פון דעם מוסלמענישן ארדן „די ריינע ברידער” ווערט אויך בארירט דער זעלבער מאטיוו: בעת דער גריך רעדט דארט מיט גרויס התפעלות וועגן דער גרויסער חכמה און וויסן פון זיין פאלק, ווייזט דארויף גלייך אן איינער פון דעם מלך׳ס יועצים: פון וואנען וואלטן זיך צו אייך געווען גענומען די אלע חכמות און דאס גרויס וויסן, מיט וואס דו באריסמסט זיך אזוי, ווען איר זאלט דאס אלץ ניט געווען איבערגענומען ביי די אידן אין דער צייט פון די פאטאלאמעער און אויך טיילוויז ביי די חכמי מצרים אין דער צייט פון טעליסטיוס? אט דאמאלט טאקע האט איר די אלע חכמות אריינגעבראכט אין אייער לאנד, און פון דאמאלט אן גיט איר זיי אויס פאר אייער אייגענע”.

פרופיאט דוראן (מעשה אפוד 8) און אברהם ביבאגי (דרך אמונה 3. 43), און אויך דער בארימטער אראבישער פילאזאף אבן־רשד זענען געווען איבערצייגט, אז ביי די אידן האבן נאך אין קדמונישע צייטן געבליט אלע חכמות.

ראדזשער בעקאן האט געגלויבט, אז די חכמי מצרים האבן איבערגענומען די פילאזאפישע אידעען ביי אברהם אבינו; און בעת

ירמיהו הנביא האָט געלעבט אין מצרים האָט ביי אים געלערנט דער באַרימטער גריכישער פילאָזאָף פלאַטאָן (ג).

דער הומאַניסט רייכלין האָט גערעכנט, אַז די גריכן האָבן זייערע פילאָזאָפישע אידעען איבערגענומען ביי די אידן און, אַז פלאַטאָן, פּיטאַגאָרוס און זאָראָאַסטער האָבן געשעפּט פון דער ביבל זייערע רעליגיעזע אנשויאונגען (ד).

די זעלבע מיינונג האָט אַרויסגעזאָגט אויך דער באַוואוסטער הומאַניסט מאַרציליאָ פיצינאָ.

דער אידישער דענקער אַריסטאָבולוס, וועלכער האָט געלעבט אין דער צייט פון פּטאָלעמעאוס פילאָמעטאָר (170-150 פאַר דער נייער צייטרעכנונג) האָט געשריבן אַ ווערק וועגן תורת משה פון וועלכן מען זעט קלאָר, אַז ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט די אידעען פון די גרויסע גריכישע פילאָזאָפן: פּיטאַגאָראַס, פּלאַטאָן און אַריס־טאָטעל, ווי אויך מיט דער אַלטער גריכישער פּאָעזיע. אין דעם דאָזיקן ווערק האָט ער זיך גענומען די מי צו באַווייזן, אַז דאָס בעסטע וואָס עס געפינט זיך אין די ווערק פון די גרויסע גריכישע פילאָזאָפן געפינט זיך אין תורת משה, געוויס, אויב מען זאָל זי ריכטיק פאַר־שטיין. ער האָט זאָגאַר באַהויפּטעט, אַז די דאָזיקע פילאָזאָפן האָבן געשעפּט זייערע אידעען פון תורת משה.

עס איז לייכט צו באַגרייפן, אַז די דאָזיקע לעגענדעס האָבן

---

(ג) זע ערש און גרובער ענציקל. סעריע 11, ב' 31, 72—3; י. גוטמאַן די סכאָלאַסטיק 1902, 144.

(ד) DE ARTE CABALISTICA, T. 2.
זע אויך א. פראַנק, „די קאַבאַלע" דייטשע אויסגאַבע, 1844, 8.

געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער אידישער סביבה אינ׳ם מיטעלאַלטער (ה).

אין ר׳ יהודה הלוי׳ם כוזרי (דער „כוזרי״ איז געשריבן געוואָרן אין אַראַביש און הייסט „כתאב אל-חוגה ואל דלילי פּי נוצרה אל-דיני אל-דלילי״ — „דאָס בוך פון באַווייזן דעם שוץ פון אַ דערנידעריקטער אמונה״. עס איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעיש פון ר׳ יהודה אבן תבון.) דערקלערט דער אידישער „חבר״ דעם כוזרישן מלך: ומה תאמר בחכמת שלמה, וכבר דבר על כל החכמות בכח אלקי ושכלי וטבעי (ו), והיו אנשי העולם באים אליו להעתיק חכמתו אל האומות עד מהודו, וכל החכמות הועתקו (ז) שרשיהן וכללם מאתנו אל הכשדים תחלה ואחר כך אל פרס ומדי ואחר כך אל יון ואחר כך אל רומי, ולאורך הזמן ורב המצועים (ר״ל ההעתקות מאומה לאומה) לא נזכר בחכמות, שהם הועתקו מן העברים אך מן היונים והרומים... (כוזרי מאמר ב׳ ס״ו).

אויך דער רמב״ם שטרייכט אונטער אין זיין „מורה נבוכים״: דע כי החכמות הרבות אשר היו באומתנו באמתת אלו הענינים אבדו באורך הזמן ובשלוט האומות הסכלות עלינו. (מורה נבוכים, חלק א׳ פרק ע״א; אויך חלק ב׳ פרק י״א).

דער רמב״ם האָט געהאַלטן פאַר באַזונדערס וויכטיק אונטער־צושטרייכן, אַז די „חכמת יונית״, ד. ה. די אנשויאונגען פון דער

(ה) זע „הגיון הנפש״ פון דעם באַקאַנטן געלערנטן אברהם ב׳חיא.

(ו) אודות חכמת שלמה רבו הספורים אצל הסופרים של ימי הבינים לא רק היהודים כ״א גם הנוצרים.

(ז) דעה זו נמצאת אצל כל הפילוסופים הדתיים של ימי הבינים וגם אצל יוסיפוס (נגד אפיון ב׳), ואצל הנוצרי איזיביוס, ואבן רשד בספרו הפלת ההפלה, עיין קאססעל, צד 47, הערה ו׳. נמצא ג״כ בס׳ תורות הנפש המיוחס לר׳ בחיי, עמוד 57.

גריכישער פילאָזאָפיע, געפינט זיך אין גרויס קרבות מיט דער אידי־שער אידעענוועלט, און אין זיין „יד החזקה" (הלכות קידוש החודש פרק י"ז) געפינען מיר די פאָלגענדע שורות: חכמת התקופות והגימטריאות שחברו בה חכמי יון ספרים הרבה והם הנמצאים עכשיו ביד החכמים אבל הספרים שחברו חכמי ישראל שהיו בימי הנביאים מבני יששכר לא הגיעו אלינו.

שם טוב פאלקירה שרייבט אין זיין „ספר המעלות": ובטלמיוס זכר כי הוא שלח לכהנים שבירושלים להעתיק לו ללשונו ספרי חכמות שהיו שם . . . ואני חושב והוא אמת כי הפילוסופים הקדמונים מאוד קבלו משם ועבר ואברהם אבינו ע"ה ושאר האבות וכ"ש משלמה המלך ע"ה ומהחכמים שהיו בדורו.

. . . און פטאלאמיי האָט דערקלערט, אַז ער האָט געשיקט צו די כהנים פון ירושלים, זיי זאָלן איבערזעצן אויף זיין לשון די חכמה־ספרים, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען . . . און מיר דאַכט זיך, אַז עס איז אמת, ווארום די זעהר־אַלטע פילאָזאָפן האָבן איבערגענומען (זייער חכמה) פון שם און עבר, אברהם אבינו און די איבעריקע אבות, און געוויס פון שלמה המלך און די חכמים, וואָס האָבן געלעבט אין זיין צייט.

אַן אַנדער פּאַרפאַסער פון דרייצנטן יאָרהונדערט, דער בעל „לוית חן" לוי בן אברהם, שילדערט אין זיין „בתי הנפש והלחשים". די אנטשוויאונגען פון די וויסנשאַפטן אויף פאָלגענדן אופן: „עלי כל אום כבר נפלא לאמי — בכל מדע ואדר הסתרים ואמנה מהמון עם נעלמו — ולסגולות לבד היו מסורים".

דער פאַרפאַסער גופא, דערקלערט אין זיין פירוש דעם דאָזיקן פערז אויף פאָלגענדן אופן: „ואמנה מהמון אומתנו נעלמו החכמות והסודות ההם ואל היחידים סגולות לבד היו מסורים וידועים".

און אין דער אמת'ן די דאָזיקע חכמות און סודות זענען געווען פאַרבאָרגן פאַר דעם המון פון אונזער פאָלק און איבערגעגעבן און באַקאַנט בלויז צו די יחידי־סגולה.

„והתקינו ללבב המבינים — משלים גם לעור עין חסרים".

דער פּראָפעסער דערקלערט אויך אין פּירוש: „והתקינו המשלים ללב המבינים והחכמים הם בחדות שכלם ופלפולם יאכלו תוכם ויבינו סודם, גם תקנו המשלים לעורי השכל והחסרים ביען יקבלו תועלת בנגלה אם לא יוכלו להבין התוך והנסתר".

און זיי האָבן פאַרפאַסט די משלים פאַר די מבינים און חכמים, וועלכע עסן זייער תוך און פאַרשטייען זייער סוד דורך דער שאַרפקייט פון זייער שכל און (דורך) ויכוחים. אויך האָבן זיי פאַרפאַסט די משלים פאַר די וואָס האָבן ניט קיין שכל, כדי זיי זאָלן האָבן נוצן פון דעם אָפענעם, אויב זיי קענען ניט פאַרשטיין דעם תוך און דאָס פאַרבאָרגענע.

„והתיפו בני יפת בחכמות — ולקחום מנבוני שם ועברים".

„והתפארו בספרי בין מצאום — ומהם ירשו גויים והגרים".

דער פּירוש: „והתפארו בספרי החכמה והבינה אשר מצאו ולקחו מעם ישראל ומהיונים נעתקו החכמות ההם אל מלכות רומי וישמעאלים".

און די קינדער פון יפת האָבן זיך אויסגעצירט מיט חכמות, וואָס זענען גענומען געוואָרן פון די פאַרשטענדיקע פון שם און עבר, און האָבן זיך גערימט מיט די ספרים פון פאַרשטאַנד, וואָס זיי האָבן געפונען; און פון זיי האָבן גע'ירש'נט די פעלקער און גרים.

ופסו את נבונינו בחורבן — ונשארו קצת יודעי פשרים ונפזרו בכל רוח ופאה — בתוך עמי סכלים וארורים לזאת עמדו והסתירו דברים — ועמם כל חמודות נעדרים״.

און מיט׳ן חורבן זענען פאַרשוואונדן געוואָרן אונזערע פאַר־שטענדיקע, און איבערגעבליבן זענען וועניקע, וואָס האָבן געוואוסט באַשייד און צעשפּרייט זענען זיי געוואָרן אין יעדן ווינקל (פון דער ערד) צווישן נאַרישע און פאַרשאָלטענע פעלקער. דערפאַר האָבן זיי פאַרבאָרגן זייער וויסן, און צוזאַמען מיט זיי איז אַלץ ווערטפולע פאַרגאַנגען.

יוסף אבן כספּי דערקלערט אין זיין „ספר המוסר״: „אריסטו התנשא לפרש המצות היקרות שלנו ויחס פירושים לעצמו תחת אשר גנב כל זה מספרי שלמה ע״ה וזולתו שחברו בענין זה . . . וזכרו זה תחלה רבותינו המכובדים במקומות מפוזרים ובאר דבריהם אריסטו בס׳ המדות באור שלם, כי בזמן בית שני היה זה החכם ומהם למד . . . והנה הקדמות הניחו אריסטו מצד עיון הנפש ואחר נכנע לאמונת החדוש כי בא בתורה מצד בעלי הנפש הנביאית שהיא למעלה מן העיונית . . . נמצאים מעמנו שיבזו החכמות המיוחסות לספרי אריסטו וחבירו, ואל ידעו כי בנפשם ידברו כי אלה החכמות היו מקדם שלנו״ (ח).

אַריסטאָטעל האָט געוואַגט אויסצוטייטשן אונזערע וואונדער־ליכע מצוות, און האָט צוגעשריבן די פירושים צו זיך, בעת ער האָט דאָס אַלץ גע׳גנב׳עט פון שלמה המלך׳ס ספרים און אַנדערע, וועלכע האָבן געשריבן וועגן דעם דאָזיקן ענין . . . און אונזערע בכבוד׳יקע

---

(ח) זע אבן כספּי׳ס „מנורת כסף״, 85; „שלחן כסף״, 171; און „עמודי כסף״, 31.

רבנים האָבן צוערשט וועגן דעם גערעדט אויף פאַרשיידענע שטעלן, און אַריסטאָטעל האָט פולשטענדיק איבערגעגעבן זייערע רייד אין (זיין) ספר המדות, ווארום דער דאָזיקער חכם האָט געלעבט אין דער צייט פון בית שני און האָט פון זיי (די רבנים) געלערנט . . . צווישן אונזער פאָלק געפינען זיך אַזעלכע, וואָס זענען מבזה די איידעלע חכמות אין אַריסטאָטעל׳ס ביכער, און זיי ווייסן ניט, אַז זיי רעדן קעגן זיך אַליין, ווארום די דאָזיקע חכמות זענען פריער געווען אונזערע אייגענע.

אבן כספּי איז פעסט איבערצייגט, אַז אפילו אַריסטאָטעל און זיינע תלמידים האָבן שטאַרק געוואָרנט מען זאָל אַלץ מקיים זיין וואָס ס׳שטייט אין דער תורה און ביי די נביאים: „אריסטו וחביריו ותלמידיו כולם מזהירים לשמור כל מה שבתורה ודברי הנביאים ובפרט להזהר במעשיות" (ט). ער האַלט פאַר איבעריק צו דערווייזן, אַז די לערע פונ׳ם אידענטום איז אין הסכם מיט די גרונד־יסודות פון אַריסטאָטעל׳ס פילאָזאָפיע, ווארום פאַר אים איז אויסער ספק, אַז טאַקע די גריכישע פילאָזאָפיע גופא שטאַמט פון אידישע קוועלן, און ער דערציילט דערביי אַלס דבר ידוע, אַז אַריסטאָטעל בכבודו ובעצמו האָט געמאַכט פירושים אויף די געזעצן און מצוות פון דער תורה (טעם זקנים 50 עמוד א׳, 52 עמוד ב׳), און ווען ער האָט תחלת ניט מסכים געווען מיט זיי אין דער פראַגע וועגן קדמות העולם, האָט ער שפּעטער חרטה געהאַט (די אגדה, אַז אַריסטאָטעל האָט צום סוף פון זיין לעבן זיך אָפּגעזאָגט פון זיין לערע וועגן קדמות העולם, נעמט זיך דערפון וואָס מען האָט אין מיטלאַלטער געהאַלטן אַריסטאָטלען פאַר׳ן פאַרפאַסער פונ׳ם דעמאָלט זער פּאָפּולערן ווערק, "TEOLOGIA" וואָס איז ווירקליך נוטה צו דער דעה וועגן חידוש העולם).

---

(ט) זע „טעם זקנים", 52, עמוד א׳.

אַן אַנדער פּאַרפאַסער פוּנ׳ם פערצנטן יאָרהונדערט, מאיר אַלצאַבי, דערציילט אין זיין „שבילי אמונה״: „עד שראיתי כתוב בספר כי כאשר גלה יכניה מלך יהודה וגלו עמו סנהדרין וחכמי ישראל . . . ואז למדו מחכמתם חכמי יון . . . עוד מצאתי כתוב כי אריסטו היוני אשר כל חכמי המחקר נגררים אחריו ושואבים מספריו שהיה רבו של אלכסנדרוס מוקדון שמלך על כל העולם וכאשר כבש אלכסנדרוס ירושלים השליט לאריסטו רבו על אוצר שלמה ע״ה ואז חקר ודרש על ספרי שלמה ולקחם והעתיקם על שמו והוסיף הוא טעיות משלו ואז גנזו כל ספרים של שלמה כדי להטעות העולם שאריסטו עצמו חיברם משיקול דעתו, ובראותי אני המחבר את הדברים האלה שמצאתי עלץ לבי בד׳ ואומרה: אכן נודע הדבר כי יסודי החכמות אשר ביד אדום וישמעאל הן הנה היו לבני ישראל״.

. . . ביז איך האָב געליינט אין אַ ספר, אַז ווען יכניה, קעניג פון יהודה איז פאַרטריבן געוואָרן, זענען פאַרטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט אים די סנהדרין און די אידישע חכמים . . . און דאַמאָלט האָבן די גריכישע חכמים געלערנט פון זייער חכמה . . . איך האָב אויך געליינט, אַז אַריסטאָטעל, אַן וועמען אַלע פילאָזאָפן זענען אַזוי צוגע־קלעפּט, און וועמעס ביכער זענען אַ קוואַל פון וואַנען זיי שעפּן, איז געווען דער רבי פון אַלעקסאַנדער מוקדון, וועלכער האָט געהערשט איבער דער גאַנצער וועלט. און ווען אַלעקסאַנדער האָט איינגענומען ירושלים, האָט ער געמאַכט אַריסטאָטלען מושל איבער שלמה המלך׳ס אוצרות. און אַזוי האָט ער (אַריסטאָטעל) זיך פאַרטיפט אין שלמה׳ס ספרים און האָט זיי איבערגעשריבן אויף זיין נאָמען און צוגעגעבן אייגענע נאַרישקייטן. דערנאָך האָבן זיי באַהאַלטן אַלע שלמה׳ס ספרים, כדי אָפּצונאַרן די וועלט, אַז אַריסטאָטעל גופא האָט זיי פאַר־פאַסט. און זעענדיק דאָס, האָב איך זיך זער געפרייט און געזאָגט: עס איז טאַקע קלאָר, אַז די יסודות פון די חכמות, וואָס געפינען זיך ביי אַדום און ישמעאל, שטאַמען פון די אידן.

משה ארובש, וועלכער האָט איבערגעזעצט אויף איטאַליעניש און העברעיש דאָס, אינ׳ם מיטלאַלטער, אַזוי פּאָפּולערע זאַמלבוך „טעאָלאָגיא״ דערקלערט אין דער פאָר־רעדע: „אמר המעיין משה ב״ר יוסף אדובש . . . זה הספר בה לידי בערבית בדמשק והעתקתי אותו ללשון הקודש, והוא אמת שחזר בו (אריסטו) ממה שחלק על . . . תורתנו הקדושה ועשאו בסוף ואליו נסמך וקראו ספר תיאולוגיה שר״ל ספר האלהות . . . ״ .(MELANGES 249)

דער אפודי (פּראָפיאַט דוראַן) איז אויך גאַנץ זיכער: „כי כל מה שנמצא אצלם (חכמי יון) מהאמת באלה החכמות הגיוניות לקחוהו כל מבני ישראל בזמן הגלות״ („מעשה אפוד״ 8).

אַלץ וואָס איז אמת אין די טעאָרעטישע וויסענשאַפטן פון די גריכישע פילאָזאָפן, זענען גענומען פון די אידן אין די צייטן פון גלות.

דער אפודי׳ס אַ בן־דור, שמעון דוראַן, דערקלערט אין זיין פאָררעדע צו זיין „מגן אבות״: „וארסטו היה מצוה לשמוע את כל דברי התורה דרך קבלה וליסר הבאים לתת טעם לאזהרותיה ומצותיה ולגעור במי שמלאו לבו להקשות עלה, ואמר אפלטון: אנחנו נלאים מהבין דברי התורות אבל נבין מעט ונסכל הרבה״.

אַריסטאָטעל פלעגט הייסן זיך צוהערן צו אַלע ווערטער פון דער תורה אויפן טראַדיציאָנעלן שטייגער, און שטראָפן יענע, וואָס ווילן געבן אַ טעם צו איר (דער תורה׳ס) וואָרנונגען און מצוות, און אָנשרייען אויף די, וואָס וואָגן צו פרעגן קשיות אויף איר. פלאַטאָן האָט געזאָגט: „מיר באַגערן צו פאַרשטיין די ווערטער פון דער תורה; אָבער מיר פאַרשטיין ווייניק, און פאַרשטיין ניט קיין סך״.

און אין דעם „מגן אבות״ גופא (דף ל׳ עמוד א׳) איז דוראַן מוסיף: „וכבר כתב במורה המורה להחכם ן׳ פאלקירה ז״ל כי אפלטון

הפילוסוף שכל חכמי המחקר נכנעו לפילוסופיתו כתב כי דבר עם אחד מנביאי ישראל ובתחלת הדברים לא נראה לו ממנו ענין גדול וכשנכנס עמו בעומק אלהותו הבהילו, והיה תכלית כוונתו להבין דבריו וי״א כי זה היה ירמיהו הנביא ובאמת כי בזמן אפלטון היה אבל אני חושב שיהיה אלא אחד מתלמידיו הקטנים.

דער פילאָזאָפיש געבילדעטער יוסף בן שם-טוב שרייבט אין דער פאָר־רעדע צו זיין פירוש אויף אַריסטאָטעל׳ס „ספר המידות״: ויאמרו החכמים האחרונים כי במצרים נמצא ספר ממנו (מאריסטו) שב בו ממה שהניח שהעולם קדמון ומשאר הדעות אשר חולק בהם על תורת משה ושהחזירו שמעון הצדיק ז״ל (יוד).

אַן ענליכע אגדה גיט אויך איבער יוסף בן שם-טוב׳ס בן-דור אברהם ביבאגו: „ומצאתי בשם חכם מופלא מפילוסופיה היונים דבר זה ענינו: פעם א׳ נכנסתי להוכוח עם חכם מחכמי ישראל והתחלנו לדבר בחכמת הטבע ולא היה בעיני הרבה, ואחר נכנסו בחכמת האלהות והעלני באלהותו אל שלא הייתי יכול לסבור ולהבין עד שהתפללתי לאל יתן לי שכל להבינו ע״כ״ („דרך אמונה״ ח״ב קאַפּ. 3 דף מ״ו).

„דער רמ״א גיט איבער אַלס דבר ידוע, אַז סאָקראַטעס האָט זיין גאַנץ חכמה צו פאַרדאַנקען די אידישע חכמים אסף און אחיתופל: „ודע כי ראיתי בספר אחר ישן מאוד . . . והיה כתוב בו שסאָקראַט . . . שהוא קבל החכמה מאסף הקרחי ומאחיתופל״. (תורת העולה ו. קאַפּ. 11).

---

(יוד) **צייטש. פ. העבר. ביבל.** XIII, 154;
**זע אויך** MELANGES 249.

די דאַזיקע מײנונג, אַז די „חכמי יון" האָבן זײער גאַנצע חכמה גענאַשט בײ אידישע חכמים, איז געװען פאַרשפּרײט צװישן די אידישע שריפטשטעלער פונ'ם 16־טן יאָרהונדערט. מיר געפינען זי בײם באַרימטן פאַרפאַסער DIALOGHI DI AMORE יהודה אברבנאל („וכוח על האהבה, 71, 85). בײם בעל „מנחת קנאות" יחיאל אוים פיזא, אױך בײ יהודה מוסקאטו („נפוצות יהודה" 1589, דף ל' ע"ב), בײ דוד מיסר ליאון.REVUE D. ETUDES JUIVES 2.24 P. 122 און אַפילו בײם באַרימטן בעל „מאור עינים", דער באַשאַפער פון װיסנשאַפטליכער קריטישער פאָרשונג אױפ'ן געביט פון אידישער געשיכטע.

ר' גדליה איבן יחיא גיט איבער אין זײן „שלשלת הקבלה" אַלס היסטאָריש באַגלױבטע פאַקטן די אַלע אַלטע לעגענדעס װי אַזױ די „חכמי יון" פלעגן עולה רגל זײן קײן ציון הערן תורה בײ די אידישע חכמים, װאָס זײער שם האָט געקלונגען איבער דער גאַנצער װעלט: דער גרױסער אפלטון איז געװען אַ תלמיד בײ ירמיהו הנביא, און מכח אַריסטאָטעל גופא איז פאַראַן אַ חלוקי דעות: אַ טײל פאַר־זיכערן, אַז ער האָט סוף ימיו זיך מגייר געװען, און אַנדערע װידער, דרינגען, אַז ער שטאַמט פון אידן און טאַקע פון שבט בנימין. דאָרט װערט אױך געבראַכט דער פיל באַקאַנטער בריװ װאָס אַריסטאָטעל האָט געשיקט זײן תלמיד אַלעקסאַנדער מוקדון, װי דער באַרימטער גריכישער דענקער װערט אַ חוזר בתשובה: ער האָט חרטה אױף די דעות, װאָס ער האָט פריער אַרױסגעזאָגט אין זײנע װערק, װײל אײנער אַ „חכם מחכמי ישראל" האָט מיט אים געהאַט אַ װיכוח און יענער האָט אים, אַריסטאָטעל'ען, איבערגעצײגט, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות. דער הױפּט טעות זײנער באַשטײט אין דעם, װאָס ער האָט געמײנט, אַז דעם אמת קאָן מען דערפאָרשן נאָר אױפ'ן ראַציאָנאַליס־טישן דרך דורך שכל'דיקע חקירה. איצט אָבער, אַ דאַנק דעם „חכם מחכמי ישראל", װײס ער, אַז דעם אמת דערגרײכן קאָן דער מענש זוכה זײן נאָר דורך געטליכער התגלות. „װען איך" — איז אַרים־

טאַטעל מודה אין דעם דאָזיקן בריוו — „זאָל זיין בכח צונויפנעמען אַלע מיינע ווערק, וואָס זענען פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, וואָלט איך זיי אַלע פאַרברענט. קיין איינציקן ניט איבערגעלאָזט, זיי זאָלן אַנדערע ניט פאַרפירן".

אַט דער דאָזיקער בריוו איז געווען זעהר פּאָפּולער אין די ברייטע אידישע קרייזן, און איינער פון די גרעסטע רבנים אין זעכצנטן יאָרהונדערט, דער רש"ל, קלאָגט זיך דאָרויף, וואָס די אידישע ישיבה-בחורים שרייבן אַריין אין זייערע סידורים די תפלה פון דעם גריך אַריסטאָטעל: „ועתה אני הגבר ראיתי כתוב בתפילות ובסידורי הבחורים רשום בהם תפילת אריסטו" (זע שו"ת הרמ"א תשובה ו').

און אפילו די געלערנטע וועלכע זענען אין צווייפל צי די גריכישע פילאָזאָפן זענען געווען תלמידים ממש ביי די אידישע חכמים, איז ביי זיי אויך קיין ספק, אַז מאַנכע פון די גרויסע וועלט-באַזיגענדע און וועלט-באַלייכטענדע מחשבות פון אידענטום האָבן זיך פרי אַריבער-געטראָגן קיין גריכנלאַנד און האָבן דאָרט געהאַט אַן איינפלוס.



# ווי די אידישע לערע האָט געהאַט א שטאַרקע ווירקונג אויף דער ניט־אידישער באַפעלקערונג

(פון דער סעריע: גרים וועלכע זענען אומגעקומען על קדוש השם)

## שלמה מולכו און זיין צייט

שפאַניע, וואָס האָט אויסגעקריצט מיט א פאַראַסטעטער שווערד בלוט-צייכנס אין הארצן פון גאַנצן אידענטום, איז אַליין אויך פון דער השגחה באַשטימט געוואָרן צו זיין א רשות הרבים פאַר פעלקער. פיל פעלקער האָבן דאָס דאָזיקע לאַנד געטראָטן מיט די פיס און זי אין פאַרשיידענע צייטן פאַרוויסטעט.

די קעלטען זענען געווען אין די ערשטע צייטן פון דער שפאַנישער געשיכטע. מיט פייער און שווערד האָבן זיי געקעמפט מיט דער איבעריאַנישער ראַסע, וואָס האָט פון ניט געדענקבארע צייטן באַוואוינט דאָס פירענעאישע האַלב-אינזל, אז זי זאָל זיי אַנערקענען אלס באַשטאַנדטייל אירן. אזוי איז באַשאַפן געוואָרן די געמישטע קעלט־איבעריאַנישע ראַסע, וואָס איז געווען דער חומר, פון וועלכן עס איז שפּעטער באַשאַפן געוואָרן דאָס שפאַנישע פאָלק.

די געשיכטע ווייסט וועגן פעניציאַנישע און קארטאגישע קאָלאָניעס אויף די דרום און מזרח-ברעגן פון פירענעאישן האַלב-אינזל. שפּעטער, אין דריטן יאָר-הונדערט, ערב די פונישע מלחמות, האָט דער קארטאגינישער קריגס-פירער האמילקאר בארקא מיט כלי זיין אין האַנט, אונטערטעניק געמאַכט א גרויסע שפאַנישע טעריטאָריע און האָט געגרינדעט, לויט א רוימישע לעגענדע, די באַוואוסטע שטאָט באַרצעלאָנאָ אין דער פראָווינץ קאַטאַלאָניא.

שפּעטער זענען דאָס געווען די רוימער, וואָס האָבן מיט כמעט צוויי טויזענט יאָר צוריק צוגערויבט אונזער מלוכה׳שע זעלבסט־שטענדיקייט—וואָס האָבן אויך אַרויפגעלייגט זייער שווערע האַנט אויף שפּאַניע.

נאָך שפּעטער האָבן זיך אויפ׳ן לאַנד אַ שאָט געטאָן האָרדעס באַרבאַרן: אַלענער, וואנדאלן און אַנדערע און האָבן עס חרוב געמאַכט.

אין 412 למספרם זענען די וועסטנאַטען געקומען אין דעם דאָזיקן לאַנד און האָבן פאַרניכטעט וואָס די פריערדיקע היישעריקן האָבן איבערגעלאָזט. אויך די אַראַבער־מורן האָבן דאָס לאַנד ניט געשוינט.

איז טאַקע אין יאָר 1031 שפּאַניע צושפּליטערט געוואָרן אין אַ גרויסע צאָל אומאָפּהענגיקע מורישע קעניגרייכן, ווי קאָרדאָווא, סעוויל, טאָלעדאָ, ליסאַבאָן און אַנדערע.

קעניג פערדינאַנד דער דריטער האָט פאַרברייטערט די טעררי־טאָריע פון קאַסטיליע אויפ׳ן חשבון פון אַנדאַלוזיע און האָט באַזיגט קאָרדאָווא אין 1236 און סעוויל אין 1248. דער שפּאַנישער קעניג־שרייבער אַלפאנסאָ דער קלוגער, איז געווען איינער פון די מיטוויר־קער, אַז קאַסטילי און אראגאָן זאָלן זיך פאַרייניקן און אויף אַזאַ אופן איז אראגאָן געוואָרן אַ מאַכט, מיט וועלכער מען האָט זיך געמוזט רעכענען.

די מאַכט פון קאַסטיליא איז אָפט איבערגעגאַנגען פון דעם אדעלטום צו דעם מיטל־קלאַס און צוריק. עס דאַרף דאָ בדרך אגב דערמאָנט ווערן, אַז די טראַקטן זענען אין יענע צייטן פול געווען מיט באַנדיטן, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען רעפּרעזענטירט דאָס אדעלטום! . . .

טיף געזונקען איז געווען דאָס קריסטלאכע שפּאניען פון פאַר דער אינקוויזיציע, וואָס איז אין יאָר 1481 פאָרמעל איינגעפירט געוואָרן אין סעוויל. אזוי זענען די שייטערהויפנס, די אנדערע חיה־שע ענויים וואָס מען האָט אנגעטאָן אידן לחלוטין נישט געווען קיין פחיתת הכבוד פאַר'ן שפאנישן אדעלטום מיט דער קריסטלאכער ליבע אין הארצן . . .

ווער קען שילדערן אונזערע ליידן און פיין פאַר און נאָך דעם באַשטימען טאָרקוועמאדן אלס הויפּט פון דער אינקוויזיציע? דאָס איז אוממעגליך דאָ צו שילדערן; דאָס איז איינגעקריצט אין זכרון פון יעדן אידן און עס איז איבעריק דאָס דאָ איבערצו'חזר'ן.

א אידישער געלערנטער דריקט זיך אויס, אז דאָס פאַרטרייבן אידן פון שפאניען איז געווען א דריטער גלות (בפעם השלישית הלכו בני ציון היקרים שבי לפני „צר"—„מוצאי גולה" לשפ"ר צד 16) און דאָס איז פאָלקאָם ריכטיק געזאָגט.

דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן, אז די אידן זענען אין שפּאניע לחלוטין ניט געווען קיין פרעמדע לויט'ן אלטן באקאַנטן נוסח, וואָס האָט זיך שוין איינגעגעסן אין אונזערע ביינער. די אידן איז ניט פרעמד געווען די שפּאנישע קולטור און זיי האָבן זי אפילו געהאָלפן שאַפן. ביז'ן צענטן דור האָבן די אידן פון גלות שפּאניע אָפּגעהיט די ריינקייט פון דער שפּאנישער שפראך. א שפּאנישער רייזענדער שרייבער דערציילט פאָלגענדעס: „אין סאָלאָניקי, קאָנסטאַנטינאָפּאל, אלעקסאנדריע, קאירע, ווענעציע און אנדערע פאָרט שטעט האַנדלען נאָר אידן, וואָס רעדן שפּאניש, און אין סאָלאָניקי האָב איך געהערט א סך קינדער רעדן די קאסטיליער שפראך אין אַן אויסשפּראך וואָס איז אנגענעם פאַר'ן אויער, בעסער פון מיר, א זון פון שפּאנישן פאָלק".

"ESTUDIO SOBER LOS JUDEOS" P. 469.

דאָס דאַרפן אגב געדענקען אונזערע אחינו בני ישראל, וואָס טענה'ען מיט אונז איין, אַז מיר דאַרפן אין זיך „איינזאַפּן" די פרעמדע קולטורן כדי מען זאָל ווערן צו אונז מילדער.

אידן האָבן געוואָלט אַנטלויפן פון שפּאַנישן פייער און האָבן געהאָפּט צו געפינען שוץ אין פּאָרטוגאַל, אונטער דער הערשאַפט פון עמאַנועל דעם גרויסן (1495-1521). אָבער דער דאָזיקער קעניג האָט חתונה געהאַט מיט דער שפּאַנישער קעניגינס טאָכטער איזאַבעל, און ער האָט באַלד געענדערט זיין פּאָליטיק לגבי אידן און האָט זיי אָנגעהויבן פאַרפאָלגן.

אַזוי האָט דאָס געווירקט, די טייוועלשע השפעה פון שפּאַניע.

קעניג עמאַנועל דער גרויסער, איז אַליין פריינטלאַך געווען געשטימט צו אידן און וואָלט זיי גרייט געווען צו פּראָטעזשירן, אָבער „וויכטיקערע" צילן זענען אים געשטאַנען אין וועג. קעניג עמאַנועל האָט געפּלאַנט שפּאַניע און פּאָרטוגאַל צוצודעקן מיט איין קרוין; ער האָט געוואָלט שפּאַניע פאַראייניקן מיט פּאָרטוגאַל און נאָר צוליב דעם צוועק האָט ער חתונה געהאַט מיט דער שפּאַנישער פּרינצעסין איזאַבעלאַ. די דאָזיקע „איידעלע" פּרינצעסין אָבער, האָט געלאָזט מעלדן דעם קעניג, אַז זי וועט ניט אַריינקומען אין אַ לאַנד אין וועלכן עס וואוינען אידן.

(G. HEINS SCHMIDT'S ZEITSCHRIFT FUER GESCHICHTE).

דער קעניג מוז נאָכגעבן, און אין פינף טעג אַרום, נאָך זיין חתונה, גיט ער אַרויס אַ גזירה, אַז אַלע אידן אָן אונטערשייד פון געשלעכט אין עלטער זאָלן מוזן אין משך פון קאַרגע עלף חדשים, ביז'ן סוף אָקטאָבער 1497 פאַרלאָזן פּאָרטוגאַל. דער קעניג האָט נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון זיין „נאָבעלער" פרוי, הגם מען האָט אים פון אַלע זייטן געוואָרנט, אַז מען טאָר ניט פאַרטרייבן פון לאַנד אַזאַ נוצליכן עלעמענט ווי די אידן זענען. און באמת האָט דאָס פאַרטרייבן די אידן געהאַט טרויעריקע רעזולטאַטן פאַר'ן לאַנד. די אידן

זענען געווען דער ריריוודיקסטער האַנדלס-פּעאיקער עלעמענט אין לאַנד, און זייער פאַרטרייבן האָט רואינירט דעם פּאָרטוגאַלישן האַנדל.

כדי צוריקצוגעווינען די אידן פאַר'ן לאַנד, האָט דער קעניג עמאַנועל אַרויסגעגעבן אַ באַרבאַרישע אומענשליכע גזירה, אַז אַלע אידישע קינדער, אָן אונטערשייד פון געשלעכט, פון פיר ביז צוואַנציק יאָר, זאָלן צוגענומען ווערן פון זייערע עלטערן און געשמד'ט ווערן אויפ'ן קאַטוילישן גלויבן. אַ פּרעה אין אַ מאָדערנער אויסגאַבע!

אַז עס זענען געווען האַרצרייסענדע סצענעס ביים צושיידן זיך מיט די קינדער איז גאָר איבעריק צו באַמערקן.

קאוטינהאַ שילדערט אַזוי אַ געוויסע סצענע: „איך האָב געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווי אַ פאָטער מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ, האָט באַגלייט זיין זון צום שמד מיט לייד און פיין און האָט אויפגערופן דעם אלוויסנדן אלס עדות, אַז זיי ביידע, פאָטער און זון, ווילן שטאַרבן מיט משה'ס גלויבן!"

---

עפּעס לעבט אין מענש אַן אינסטינקט, עפּעס אַ חוש אַזעלכער, וואָס קלאַמערט זיך מיט אַלע כוחות אָן גליק. אַ חוש וואָס וויל בשום אופן זיך ניט אָפּזאָגן, וויל ניט רעזיגנירן און טראַכט וועגן גליק דעמאָלט, דוקא דעמאָלט, ווען אַלע האָפענונגען זענען ווייט פאַרטריבן, ווען דער יאוש גופא זיצט, קנאַקט די פינגער און פאַרברעכט די הענט פון פאַרצווייפלונג, פון אויסוועגסלאָזיקייט.

דאָס, דער לעבנס אינסטינקט, וואָס הייסט אַראָפּלאָזן די וויעס און פאַרשטעלן דעם וועג צום אויג פאַר אַ שטויב געיאָגט דורכ'ן ווינט; דאָס איז דער זעלבער אינסטינקט וואָס הייסט איינעם, וועלכער טרינקט זיך, צו קלאַמערן זיך אָן די כוואַליעס, — טאָ וואָר-זשע וועט עס שטערן, ווער וועט עס אָפּשטעלן דעם דאָזיקן אינסטינקט?

אזוי איז די נאטור פון יחיד, אזוי איז עס ביי א פאלק, און ווער ווייסט נאך אזוי וועגן דעם פון דער ביטערער פראקטיק ווי מיר אידן? וויפיל מאל זענען מיר דען געטריבן געווארן דורך די אכזרות'־דיקע מיל־שטיינער פון דער געשיכטע?

דוקא אין יענע ביטערע צייטן, ווען מען האט לעבעדיקע אברים נעריסן פון אידישן גוף, ווען מען האט אידן געברענט און געקלאפט מיט'ן שווערן האמער פון דער שפאנישער אינקוויזיציע, האבן ביי אידן געלעבט אזעלכע, וואס האבן אויסגעטרוימט א גאלדענע אידישע מלוכה פון סודות'דיקע אידישע שבטים, וואס לעבן אין גליק, אין אויסגעטרוימטן גליק.

אין אזא צייט איז אין הרס"ב (1500) דער „המגיד" פון י"ג חשון תרכ"ג צד 342 ברענגט, אז שלמה מולכו איז געבוירן הרס"ב, און ש. פ. ראבינאוויטש זאגט, אז אין הרס"א) געבוירן געווארן שלמה מולכו ביי עלטערן אנוסים און אין אזא צייט, איז אין יאר 1523 געקומען קיין ארץ ישראל דער טרוימער דוד ראובני.

שלמה מולכו איז געווען שיין ווי די זון און ער האט דעריבער געפונען חן אין די אויגן פון די הויף־פרויען און געוואונען צוטריט צום קעניגלאכן הויף אין פארטוגאל, וואו ער איז געווען גערן געזען און אפילו געליבט.

פאראן זעלטענע, זער זעלטענע מענשן, וואס מיט אונזעבארע פעדים איז זייער נשמה פארבונדן מיט'ן כביכול, מיט דער נשמה פון אין־סוף. ביי אזעלכע מענשן שפילט אן אונזעבארער בויגן אויף די אדערלאך פון זייערע הערצער, ווי אויף א הארפע, אז די זיסע געט־ליכע טענער קלינגען אפ איבער אלע לענדער און באוועגן די הערצער פון פעלקער. צו דער קאטאגאריע זעלטענע מענשן געהערט שלמה מולכו. זיין פאנטאזיע האט געשפירצט ווי א פאנטאן אין די ווייטע מרחקים פון א וועלט און ער האט ארויסגעזונגען געטליכע שירות.

שלמה מולכו איז באמת געווען א דיכטער פון גאָט'ס גענאַד (מוצאי גולה שפ"ר צד 137).

א גרויסער שאָד וואָס מיר האָבן אזוי ווייניק ידיעות וועגן די קינדער יאָרן און דער יוגענט פון אָט דער מערקווירדיקער פערזענ־ליכקייט, שלמה מולכו, אָדער ווי ער האָט געהייסן אין זיין יוגנט, דיאגא פירעס. וואָס מיר ווייסן יאָ, איז, אַז צו 22-23 יאָר איז ער געווען א סעקרעטאר אין א געריכט. ער האָט געקענט לאַטייניש און ער האָט אין דערדאָזיקער שפּראַך געשריבן. עס איז אָבער פאַראַן א באַ־הויפּטונג, אַז שוין אין זיין יוגנט, האָט ער ערוואָרבן די קענטניש פון העברעיש, תלמודישע וויסנשאַפט און קבלה דורך זיין פאָטער, אָדער דורך א לערער אַן אנוס (עיין ציון סוף פון בוך).

די דאָזיקע באַהויפּטונג געפינט ניט קיין ווידערשפּרוכן אין שאַפן פון שלמה מולכו, ווייל ווען ער האָט זיך נאָך באַוויזן אין אונזער אידישן לאַגער, האָבן זיך באַלד אַרויסגעוויזן זיינע קענטענישן אין תלמוד, מדרשים און קבלה־ספרים.

ווי געזאָגט, איז שלמה מולכו געווען באַשאַנקען מיט א רייכער פאַנטאַזיע און ער האָט מער געלעבט אין עולם הדמיון, ווי אין וואָכע־דיקן טראַגישן לעבן פון זיינע ברידער. אָבער ווען דוד ראובני איז אין 1523 געקומען קיין ארץ ישראל האָט ערשט דאַן זיין שעפערישע פאַנטאַזיע אָנגעהויבן צו ווערן אַקטיוו.

דוד ראובני האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער קומט פון כאבור, וואָס ליגט אין דער אַראַבישער מדבר. ער האָט דערציילט, אַז אין כאבור וואוינען די אידישע שבטים ראובן און גד, וואָס זענען פאַר־טריבן געוואָרן דורך די קעניגן פון דער אַלטער אסיריע. ער האָט געמאָלדן, אַז ער איז געשיקט מיט א שליחות צו די קעניגן פון אייראָפּא און איבערהויפּט צום קעניג פון פּאָרטוגאל. די שליחות האָט געהאַט דעם צוועק צו פּועל'ן ביי די קעניגע, אַז זיי זאָלן אָרגאַ־ניזירן הילף פאַר די אידישע שבטים אין זייער קאַמף מיט די מאָכ־מעדאַנער.

ניט דאָ איז דער אָרט זיך אָפּצושטעלן אויף דער ממשות און אויף דעם רעזולטאַט פון די דאָזיקע באַמיאונגען צו קריגן הילף פאַר די אידישע שבטים. ער דאַרף דאָ אָבער געזאָגט ווערן, אַז מען האָט דוד ראובני זער שיין אויפגענומען אין אַלע קעניגלאַכע הויפן. דאָס האָט דערפרייט דאָס האַרץ פון אידן און עס אָנגעפילט מיט האָפנונג.

דאָס האָט ניט ווייניקער דערהיצט שלמה מולכו'ס רייכע פאַנטאַזיע.

שלמה מולכו הויבט אָן צו טראַכטן, אַז ביאת המשיח איז נאָענט. נעענטער ווי דער צער דערדריקטע און פאַרקלעמטע ברידער די אנוסים שטעלן זיך פאָר, און עס הויבן זיך אָן אין זיין פאַנטאַזיע צו וועבן פלענער פון ערלעזן די געפּלאָגטע אנוסים, זיינע ברידער.

שלמה מולכו איז, ווי עס ווייזט אויס, ניט געווען קיין הוילער פאַנטאַזיאָר. ער איז לויט די נאַטור געווען אַן אַקטיווער מענש, ווייל נאָר אַזוי, קענען מיר פאַרשטיין זיין ווענדן זיך צו דוד ראובני און אַנדערע געשעענישן אין זיין לעבן.

ער פּרואווט אַלזאָ אונטערהאַנדלען מיט דוד ראובני, וועלכער דערקלערט, אַז ער וויל מיט אים ניט האָבן קיין מגע ומשא. מולכו גלויבט, אַז דאָס איז צוליב דעם, וואָס ער איז ניט גע'מל'עט. ער איז אַזוי תמימות'דיק אויפריכטיק, אַז ער גלויבט ניט, אַז עס זאָל ווער וועלן זיין אויפריכטיקייט קוועסטיאָנירן, אַז מען זאָל אין אים צווייפ-לען. אין אַ שיינעם טאָג האָט זיך מולכו גע'מל'עט מיט זיין אייגענער האַנט, ניט דערציילנדיק קיינעם וועגן דעם! ער איז אָבער שטערב-לאַך קראַנק געוואָרן, ווייל עס איז פון אים אַרויסגעפלאָסן פיל בלוט.

ער איז געקומען צו דוד ראובני און האָט צו אים געזאָגט: „איצט וועל איך קענען צוקומען צו גאָט'ס סוד, ווייל איך בין שוין אַריינגעקומען אין ברית של אברהם אבינו. איך בין גע'מל'עט ווי

א איד און איך היים שלמה מולכו. רעד צו מיר און פארהויל פון מיר גארניט" (עיין ציון, סוף בוך, מוצאי גולה, צד 139).

אבער דוד ראובני האט אים געמאכט א פארוואורף, אז ער ברענגט אן אומגליק אויף זיך, אויף אים און אלע אנוסים, ווייל דער קעניג וועט מיינען, אז ער האט אים צוגערעדט, אז ער זאל אוועק־ווארפן דעם קאטוילישן גלויבן און זאל זיך מל זיין.

ענדלאך אנערקענט אים דוד ראובני און ער רעדט אים צו צו פארלאזן פארטוגאל און אפפארן קיין ירושלים. צוליב דער מורא פאר פארפאלגונגען וואס קענען קומען אלס רעזולטאט פון זיין באקערן זיך צום אידנטום, אין צוזאמענהאנג דערמיט, קען זיין, טרעפן מיר מולכו'ן אין אנדריאנאפאל, וואו מולכו באגעגנט זיך מיט רבינו יוסף קארו, מחבר פון בית יוסף און שולחן ערוך. די השפעה פון שלמה מולכו אויף ר' יוסף קארו איז זער גרויס. פריער נאר אין נגלה, שפעטער אויך אין קבלה. שפעטער טרעפן מיר מולכו'ן אין סאלאניקי, דאס זיץ ארט פון מקובלים, אין בית המדרש פון ר' יוסף טאיצאק. ער האלט דארט דרשות, וואס אלע הערן מיט פארהאלטענע אטעמס.

שלמה מולכו זעט מאדנע זעאונגען אין חלום און אויף דער וואר און שרייבט זיי ארום מיט קינסטלערישער שיינקייט. ש. פ. ראבינאוויטש זאגט, אז פון די בעלי הקבלה איז ער געווען דער ערשטער, וואס האט זיך אים אויסגעוויזן, אז א מלאך שטייט ביי זיין רעכטער האנט און אנטפלעקט אים די סודות פון סתרי תורה.

אין זיין ספר „קרתא חיבתא" זאגט שלמה מולכו ארום דעם געדאנק, אז צום סוף פון זעקס טויזנט יאר לבריאת העולם וועט קומען אליהו הנביא און דאס איז ער זעלבסט.

אין א געוויסע לעגענדע (מד' אבכיר) „עד אשר אבוא אל אדוני שעירה" זו „בית גוברין", און לויט מולכו'ס מיינונג איז דאס איטאליע וואס איז צוטיילט געווארן אויף פיל חלקים אונטער א סך מלכים

(ספר המפואר צד כ"א) האָט מולכו געפונען אַ רמז, אַז אליהו הנביא וועט זיך צום ערשטן באַווייזן אין רוים. האָט ער באַשלאָסן אַהין צו פאָרן און דאָרט האַלטן דרשות וועגן ביאת המשיח. אין יאָר 1529 איז ער אַהין טאַקע געפאָרן און איז אָנגעקומען קיין אנקאנא מיט אַ שיף. פון דאָרט איז ער אָפּגעפאָרן מיט אַ פערד קיין רוים און איז אַהין אָנגעקומען אין יאָר 1530.

דאָרט האָט ער זיך אָנגעטאָן צוריסענע קליידער און האָט זיך געזעצט צווישן אָרימע לייט און בעטלער ביי דער בריק, וואָס איז איבער דעם טייך טיבער. אין אַזאַ מצב האָט מולכו פאַרבראַכט דרייסיק טעג, פּייניגענדיק זיין גוף מיט תעניתים.

דעמאָלט האָט זיך זיין פאַנטאַזיע צופלאַקערט און ער האָט געזען מאָדנע זעאונגען. אַזוי האָט זיך אים גע'חלומ'ט צום סוף פון די דרייסיק טעג, אַז עס וועט קומען פון ים אַ פאַרפלייצונג אויף איטאַליע און דאָס וועט חרוב מאַכן רוים און אַ צפון לאַנד, און אַז אויך פּאָרטוגאַל וועט פאַרוויסט ווערן.

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן זיך געפונען גלויבער און אָפּ-לייקענער, וואָס האָבן אים פאַר'מסר'ט אין געריכט פון קאַטוילישע גייסטלאַכע, אָבער מולכו איז אַוועקגעגאַנגען צום פּאַפּסט און האָט ביי אים אויסגע'פועל'ט אַן ערלויבניש פריי צו קענען דרש'ענען.

ס'איז באַוואוסט, אַז זיינע רייד האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין יענער צייט.

דעם 9-טן אָקטאָבער 1530 האָט זיך פאַרווירקליכט מולכו'ס נביאות וועגן רוים. פיל טעג האָט געפלייצט אַ שרעקלאַכער רעגן. דער טייך טיבער איז אַרויס פון די ברעגעס און האָט פאַרפלייצט די שטאָט, אויסער די העכערע ערטער. דער פּאַפּסט האָט פריער פאַר-לאָזט די שטאָט, לויט מולכו'ס עצה.

אויך וועגן פּאָרטוגאל איז מולכו׳ס חלום מקוים געוואָרן, אין דער הויפּט-שטאָט ליסאבאָן איז געווען אַ ערד ציטערניש און די שטאָט איז כמעט חרוב געוואָרן.

אין מאָנאַט סעפּטעמבער 1531, האָט זיך באַוויזן אויפ׳ן הימל דער שטערן דשבוט, און ווען מולכו האָט פאָראויסגעזאָגט זיין באַווייזן זיך, האָט ער געפונען חן אין די אויגן פון פּאַפּסט.

ענדלאך גנב׳עט זיך אַריין אַן אומגליק אין מולכו׳ס לעבן. מולכו׳ס אַ שונא, מאנטין, האָט איבערגעזעצט אויף לאַטייניש מולכו׳ס אַ בריוו צום רב טייצאק, אין וועלכן עס האָט זיך גערעט שלעכטס אויפ׳ן קאַטוילישן גלויבן. די קאַטוילישע ריכטער האָבן אים פאַר־משפּט צום פאַרברענען. מען האָט געמאַכט אַ פייער אויפ׳ן מיט׳ן גאַס. מען האָט מולכו׳ן אָנגעטאָן אַ ווייסן מאַנטל און אים אַריינ־געוואָרפן אין די פלאַמען.

דער ערשטער ריכטער האָט זיך געאיילט צו גען מודיע זיין דעם פּאַפּסט, אַז מולכו איז ענדלאך פאַרברענט, אָבער ווי פאַרוואונ־דערט איז ער געוואָרן, ווען ער האָט דערזען מולכו׳ן אין פּאַפּסט פּאַלאַץ. אויף אַ געהיימניספולן אופן איז מולכו פאַרשוואונדן און אַן אַנדערער איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די פלאַמען.

אין 1532 האָבן זיך פאַרזאַמעלט אין דער שטאָט רעגענסבורג די קעניגן און די פרינצן פון דייטשלאַנד אויפ׳ן באַפעל פון קייזער קאַרל דעם 5-טן. אין דער שטאָט האָט זיך אויך באַלד באַוויזן שלמה מולכו און זיין לערער דוד ראובני. שלמה מולכו האָט געטראָגן אַ פאָן מיט דער אויפשריפט: „מי כמוך באלים ד׳״.

וואָס איז געווען זיין בקשה ביים קייזער ווייסט מען נישט. אָבער מיר ווייסן, אַז מען האָט אים אַריינגעזעצט אין רעגענסבורגער תפיסה, פון וואַנען מען האָט אים געבראַכט קיין איטאַליע אין דער

שטאַט מאַנטובאַ. דאָ איז ער געשטעלט געוואָרן פאַר׳ן געריכט און מען האָט אים פאַר׳משפּט צום פאַרברענען פאַר אָפּטרעטן פון דעם קאַטוילישן גלויבן.

פאַר׳ן טויט האָט מען אים פאַרגעלייגט זיך אָפּצוזאָגן פון אידישן גלויבן, וועט זיין זינד פאַרגעבן ווערן. אָבער מולכו האָט געענטפערט קורץ און שאַרף: „איך זשאַלעווע נאָר די ערשטע טעג פון מיין לעבן, ווען איך בין געווען דערוויטערט פון מיינע עלטערן׳ס גלויבן״.

דאַן האָט מען אים אַריינגעשליידערט אין די פלאַמען און ער איז פאַרברענט געוואָרן.

דאָס איז אַ טויט אויף קדוש השם וואָס איז פאָרגעקומען צום סוף פון יאָר 1532.



# אנטאָניא דזשאָזע דע סילווא

עס זענען פאַראיבער די גלענצענדע צייטן, ווען פּאָרטוגאל האָט געקעמפט פאַר'ן נאָמען פון אַ וועלט-מאַכט, פאריבער די צייטן פון קעניג עמאַנועל, אלבנקערק און וואסקא דא גאמא, ווען פּאָרטוגאל איז געגאַנגען דערוויסן זיך, וואָס עס טוט זיך הינטער דער געהיימניס-פולער קאטארע אין אַפריקע, כדי צו קאָנען די דאָרטיקע פעלקער אריינוואַרפן צו זיך אין שפּינוועבס. פאָריבער די צייטן ווען אלבע-קערק האָט זיך געראַנגלט מיט דער אַראַבישער וועלט פאַר'ן פּרייז פון געווירצן און נעגעלאך, וואָס אויפ'ן ווייטן מזרח, כדי צו קאָנען נייע פעלקער ווי אַ קאַץ פארבעהאַלטן אונטער די נעגל.

די שפּאַנישע מלוכה איז אומגעריכט און שנעל געוואָרן מעכטיק, אריינגעדרונגען קיין אַביסיניע און קאָנגאָ, געגרינדעט קאָלאָ-ניעס אין אַפריקע, אַזש ביז „קאַפּ פון גוטער האָפנונג" (1437-1498); כמעט דאָס גאַנצע שוואַרצע אפריקע מיט איר גרויער אוראַלטער פאַר-גאַנגענהייט, געשטעלט פאַר זיך אויף די קניען; אַראָפּגעוואָרפן די אַראַבישע אַפּוטרופּסות פון מזרח האַנדל; אויסגעשטרעקט אַן אימ-פעריאַליסטיש קאַטוילישע האַנט, אַזש ביז בראַזיל און אויך דאָרט געגרינדעט קאָלאָניעס.

דאָס איז געווען צו יענער צייט ווען מען האָט אָנגעהויבן צו מאַכן דעם באַקאַנטן חשבון מיט אידן.

דאָס אידישע פאָלק אין פּאָרטוגאל הויבט אָן צו ווערן גע-טראָטן מיט ביידע פיס. עס קומט דער גירוש, מען פאַרטרייבט אידן פון לאַנד, מען נעמט אין זיי נקמה. דאָס אַרויסטרייבן אַזוי-פיל רייכע, איניציאַטאָרישע און אַרבייטזאַמע אידן רואינירט דאָס לאַנד און

ווארפט עס אריין אין תהום פון אן אומגעריכטן אומגליק. מיט דער הילף פון אידישע פינאנסן איז אויפגעבויט געוואָרן און האָט זיך אַנטוויקעלט דער פּאָרטוגעזישער האנדל און איצט, איז די דאָזיקע קוועלע, פון וועלכער דער פּאָרטוגעזישער האַנדל האָט געצויגן זיין יניקה, פאַרשטאָפּט געוואָרן.

נישט קיין קלענערן שאָדן האָט געבראַכט דעם פּאָרטוגעזישן האַנדל די אונטערדריקונג אין לאַנד און אין די קאָלאָניעס, ווייל די דאָזיקע נגישות האָבן אָפּגעטויט די ענערגיע און אונטערנעמונגס גייסט פון דער באַפעלקערונג.

אין 1578 האָט דער יונגער קעניג סעבאסטיאן אונטערגענומען אַ קאַמפּאַניע קעגן די מורן אין אַפריקא און האָט געהאַט אַ גרויסע מפּלה ביי קאסר על קעביר. דאָס איז געווען דער אָנהויב צו פאַר־לירן די מורישע דאָמיניאָנס. שפּאַניען און ענגלאַנד ירש׳ענען דאָן אירע אַפריקאַנישע קאָלאָניעס און דאָס איז די התחלה פון דער פּאָרטוגעזישער ירידה. פון פּאָרטוגאלס גיין באַרג אַראָפּ.

סעבאסטיאן׳ס אַ פעטער, דער קאַרדינאַל הענרי פּאַרטיפּט דאָס לאַנד אין תהום פון נאָך גרעסערע אומגליקן. נאָך דעם קאַרדינאַל׳ס טויט הויבן זיך אָן אַ רייע מחלוקות און קריגערייען וועגן ירש׳נען דעם טראָן. אויך די מלחמה, וואָס פּאָרטוגאל האָט געפירט מיט שפּאַניע איז געווען פאַר איר אַ טויט־קלאַפּ און זי האָט זיך ענדלאָך דערפירט צו אַ רואינע. פון אַן ערשט־קלאַסיקער האַנדלס מאַכט אין אייראָפּא איז זי דעגראַדירט געוואָרן צו דער מדרגה פון אָפּהענגיקייט פון ענגלאַנד, מיט וועלכע זי האָט זיך פאַרשקלאַפט לויט׳ן מעטוען־טראַקטאַט אין 1703.

אין 1755 קומט אָן אַן ערד־ציטערניש אויף ליסאבאָן, אין 1820 האָט די אַרמיי, וואַרשיינליך אונטער דער השפּעה פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד פאַר אַ קאָנ־

סטיטוציע־רעגירונג און אין 1822 האָט בראַזיל אָפּגעריסן זיך פון פּאָרטוגאַל.

אין אַזאַ צייט, ווען אומגליקן און קאַטאַסטראָפעס האָבן זיך געשאָטן אויפ׳ן לאַנד, האָט געלעבט אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ.

געבוירן איז אַנטאָניאָ אין דע זשאַנעראָ אין בראַזיל, אָבער אַלט זייענדיק אַכט יאָר, איז ער געקומען קיין פּאָרטוגאַל. זיינע עלטערן זשאָאַ מענדעס דאַ סילוואַ און לאָרענסאַ קאַטהינאַ האָבן אָפּגעשטאַמט פון פּאָרטוגעזישע אידן, וואָס האָבן עמיגרירט קיין בראַזיל, כדי דאָרטן צו געפינען אַ מקום מקלט פון דער אינקוויזיציע, אָבער אין 1702 האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרפאָלגונגען אויף די אנוסים אויך אין בראַזיל און אין אָקטאָבער 1712 איז לאָרענסאַ קאַטהינאַ געפאַלן אַ קרבן. איר מאַן און קינדער האָבן זי באַגלייט קיין פּאָרטוגאַל, וואו זי איז שרעקלאַך געפייניקט געוואָרן אין טאָג פון 9־טן יולי 1713.

איר מאַן האָט זיך אָפּגעגעבן אַדוואָקאַטור מיט גרויס דערפאָלג. ער האָט געשיקט אַנטאָניאָ׳ן אין קאָימרער אוניווערזיטעט, אין וועלכן ער האָט אויך געענדיקט יוריספּרודענץ.

דעם 8־טן אויגוסט 1726 איז אַנטאָניאָ פּלוצלינג אַרעסטירט געוואָרן. דעם 16־טן אויגוסט האָט ער איבערגעליטן זיין ערשטע אויספראַגע און דעם 23־טן סעפּטעמבער האָט מען אים איבערגעגעבן אין די הענט פון די קריסטלאַכע „בעלי רחמים" צו שרעקלאַכע ענויים און ביטערן פּיין, וואָס נאָר מיר אידן, מיט אונזער נאַציאָנאַלן שטאָלץ און געדולד, זענען פעאיק איבערצוטראָגן.

אַנטאָניאַ איז אַזוי באַרבאַריש, אַזוי חיה׳יש געפייניקט געוואָרן, אַז דריי וואָכן שפּעטער האָט ער זיין נאָמען ניט געקענט אונטערשרייבן. ער האָט מודה געווען, אַז ער „האָט נאָכגעפאָלגט משה׳ס גלויבן" און ס׳איז טאַקע ניט קלאָר, ווי ער האָט דאָס מאָל

אויסגעמיטן דעם אויטאדאפע, וואָס איז שוין פאַר אים גרייט געווען. זיין מוטער איז ערשט אין 1729 באַפרייט געוואָרן פון תפיסה, נאָכ'ן אויסשטיין שרעקלאכע ענויים.

לעת עתה איז אַנטאָניאָ צוריקגעפאָרן קיין קאימברע און געענדיקט זיין קורס אין 1728-1729 איז ער אַוועק קיין ליסאבאָן, וואו ער האָט, צוזאַמען מיט זיין פאָטער, געארבייט אַלס אַדוואָקאַט.

אין ליסאבאָן האָט אַנטאָניא געפונען אַ פאַרדאָרבענע געזעל־שאַפט און פאַנאַטישע קעניגע, וואָס האָבן אויסגעגעבן מיליאָנען אויף בויען קלויסטערס, בעת אין לאַנד זענען קיין וועגן ניט געווען און דאָס פאָלק איז געוואָרן דאָס פינסטערע אין אייראָפע. זיינע שוישפּילן און דראַמאַס צייגן, אַז די קאָרופּירטע געזעלשאַפט האָט שטאַרק געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט.

זיין ערשטע אָפּערע איז פאַרעפנטליך געוואָרן אין 1733, און ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז מען האָט דאָ צו טאָן ניט מיט קיין מיטל־מעסיקן דיכטער.

אין 1734 האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ קוזינע ד. לעאָנאָר מאריא דע קאַרוואַלהאָ, וועמעס עלטערן זענען פאַרברענט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע און זי אַליין איז געווען פון די פאַרטריבענע פון שפּאַניען.

אין יאָר פון זייער חתונה איז זיי געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער, אָבער די טעג פון זייער גליקלאַכן צוזאַמענלעבן, און פון זיין דראַמאַ־טורגישער קאַריערע זענען געווען קורץ, ווייל שוין דעם 5־טן אָקטאָ־בער 1737, איז דאָס יונגע פּאָר־פאָלק אַרייַנגעזעצט געוואָרן אין תפיסה אונטער דער באַשולדיגונג פון „פאַרנעמען זיך מיט אידישער פּראַקטיק". זייערער אַ שקלאַף האָט זיי פאַר'מסר'ט פאַר'ן „הייליקן

אָמט״ (אָרגאַניזאַציע פון אויטאָדאַפעס און ענויים קשים בעת דער אינקוויזיציע) און כאָטש די פּרטים פון דער באַשולדיגונג זענען געווען נישטיק און ווידערשפּרעכנד, איז דאָך אַנטאָניאָ פאַר׳משפּט געוואָרן צום טויט.

דעם 18־טן אָקטאָבער איז ער געקעפּט געוואָרן און זײַן קערפּער איז פאַרברענט געוואָרן אויפ׳ן אויטאָדאַפע. ס׳איז דאָ אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דעם זעלבן טאָג איז אין אַ טעאַטער אין ליסאַבאָן געשפּילט געוואָרן זײַנע אָפּערעטע.

ניט דאָ איז דער פּלאַץ זיך אָפּצושטעלן אויף דעם ווערט פון דע סילוואַ׳ס שאַפן, דאָך דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז זײַנע פּילע קאָמעדיעס ווײַזן אַ גרויסן דראַמאַטורגישן טאַלאַנט. די דאָזיקע קאָמעדיעס זענען פול מיט לײַכטן, אידישן הומאָר, מיט געפּעפּערטן, אָבער ראַפינירטן וויץ. די כאַראַקטערן פון זײַנע העלדן זענען ריכטיק, פּינקטליך רעאַל געמאָלן און זײַן דיאַלאָג אָטעמט מיט לעבן און שאַרפקייט. בכלל, איז בײַ אים אין יעדן פאַל דאָס גאַנצע שטיק מייסטערהאַפט געלונגען אויסגעאַרבייט און לעזענדיק עס, זעט מען ווי לעבעדיק און נישטיק עס איז דאַן געווען די קריסטלאַכע אַריסטאָקראַטיע.

זײַנע קאָמעדיעס זענען אַ ריכטיק בילד פון דער געזעלשאַפט פון 17־טן יאָרהונדערט, איבערהויפּט זײַן בעסטע קאָמעדיע „אַלעקרים מאַנגעראָנאַ״. זײַנע ווערק טראָגן דעם טיטל „אָפּעראַס״, ווײַל כאָטש זיי זענען געשריבן אין פּראָזע, האָבן זיי פּראַלאָגן און לידער.

חוץ דעם, איז דע סילוואַ געווען אַ ליריקער און אין זײַנע לידער איז דאָ הארצנס־געפיל, וואָס איז אַ יקר־המציאות אין דער געשיכטע פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור פון דער ערשטער העלפט פון 17־טן יאָר־הונדערט.

מיר זען אלזא, אז די בלוטיקע אינקוויזיציע האט איינגעטונקט אירע הענט ניט נאר אין ריין, אומשולדיק בלוט, נאר אויך אין בלוט פון איינעם פון די אויסדערוועלטע פון דער מענשהייט.

אנטאניא זשאזע דע סילווא איז אומגעבראכט געווארן על קדוש השם דעם 18־טן אקטאבער 1737.



# דער „גר צדק" — אברהם בן אברהם

מיט קיין פּאָליטישער חכמה, מיט וויטזיכטיקייט, מיט פאַר־אַנטוואָרטליכקייט בנוגע דעם אייגענעם לאַנד, האָט זיך די פּוילישע שליאַכטע קיינמאָל ניט אויסגעצייכנט. קאָרופּציע, מאָראַלישע פאַר־דאָרבנקייט, אינהאַלטסלאָזע גאוה, פּאָליטישע נאַרישקייט און קורצ־זיכטיקייט — דאָס זענען די כאַראַקטער שטריכן אפילו פון די פאַר־אַנטוואָרטליכע שליאַכטישע רעגירונגס ספערן.

ווען מען האָט אויף אַ פּאַרלאַמענטס־זיצונג באַהאַנדלט אַ פראַגע, וואָס איז געווען ניט געוואונשן פאַר אַ רייכן מאַגנאַט, אָדער אפילו פאַר אַן אויסלענדישער מלוכה, האָט מען געהאַט אַ פרייען וועג צו די שליאַכטישע דעפּוטאַטן, וואָס האָבן פאַר לאַפּקע־געלט אָראָפּגעריסן די וויכטיקע פּראָיעקטן פאַר׳ן לאַנד.

האָבן זיך די שליאַכטישע פּאָליטישע שוטים איינגערעט, אַז עס קען פּוילן קיין שאָדן ניט ברענגען די אונאָרדנונג, אַז פּוילן לעבט מיט נסים, מחוץ לדרך הטבע און האָבן ביי יעדער געלעגנהייט איבערגע׳חזר׳ט דאָס זינלאָזע ווערטל: „פּאָלסקא ניערזשאָנדנעם סטאָי" — מיט דער הילף פון אונאָרדנונג רעגירט זיך פּוילן! זיי האָבן געשפּינט פּאָלגענדן נאַרישן פּלפּול: „פּוילן׳ס שוואַכקייט איז איר כח, מחמת די שכנ׳ישע לענדער דאַרפן דאָך אַ שוואַך פּוילן, און ווען מען דאַרף, שוינט מען דאָך"! . . .

ניט קלענער און ניט ווייניקער שעדלאַך איז געווען די מאָ־ראַלישע געפאַלנקייט פון דער שליאַכטע. דעמאָלט האָט געגילט דאָס ווערטל: „זא קרוליא סאסא, יעדז פּיאי, אי פּאָפּושטשאי פּאַסא" — עס, טרינק און לאָז אַראָפּ דעם פּאַס! אונפאַראַנטוואָרטליכקייט, הפקר פּיעטרושקע!

ביי סענאַטאָרן, דעפּוטאַטן, ריכטער, באַאַמטע צו נעמען שטעק־געלט איז אַ נאַטירליכע זאַך, איז טעגליך ברויט.

ניט ווינציקער מאָראַליש געזונקען זענען געווען די קאַטוילישע גייסטליכע, וואָס האָבן געלערנט דעם עולם, אַז גאָט שטראָפט פּוילן, נאָר דערפאַר, וואָס זי האַלט ביי זיך אין לאַנד די פּראָטעסטאַנטן, און די יעזואיטישע תורה איז אויך ניט געווען קיין אַרויסגעוואָרפן געלט. מען האָט זיך גענומען גאָר ערנסט אויסצוראָטן „העריזיע" — אַנדערש־גלויבן, און אין 1658 גיט די אַרבעט אירע פּרוכט: מען טרייבט אַרויס די אריאַנער פון לאַנד.

די גאַנצע געזעלשאַפט איז טיף געזונקען אין דער בלאָטע פון פאַרדאָרבנקייט, ווייל מען קאָן דאָך דאָ ניט רעכנען דעם פאַרשקלאַפטן פּויער, וועלכן מען האָט געמעגט טויטן, באַצאָלנדיק צען גריוונעס. ס׳איז באמת געווען אַזאַ געזעץ אין פּוילן, אַז פאַר דער׳הרג׳ענען אַ פּויער דאַרף מען בלויז באַצאָלן צען גריוונעס און פון תפיסה איז מען פריי! . . .

ניט קיין קלענערן שאָדן האָט אויך געבראַכט די אינהאַלטס־לאָזע, פּוסטע גאוה, ווי דער פּוילישער שרייבער פון דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט, פראַנצישעק זאַבלאָצקי, שילדערט אין זיין קאָמעדיע „סאַרמאַטיזם", אין וועלכער איין שלאַכטשיץ מיט׳ן אַנדערן הויבן אָן אַ קריג צוליב חלוקי־דעות, וועמעס פאַמיליען־הערב ס׳איז עלטער! . . .

דער בעסטער אויסדרוק פון דעם וואָס איז דעמאָלט פאָרגע־קומען אין פּוילן, זענען די מעמוארן פון אַ בריסקער גייסטליכן, מאַרצין מאַטושעוויטש, געשריבן אין די צייטן פון אויגוסט דעם דריטן.

פּאָליטישע אונפאַראַנטוואָרטליכקייט, נאַרישקייט, מאָראַלישע געזונקענקייט, כאַאָס און אַנאַרכיע — דאָס איז די לאַגע אין וועלכער

עס לאָזט איבער דאָס לאַנד נאָך זיין טויט יאַן דריטער סאָביעסקי, וועלכער איז געווען מער זעלנער ווי מלוכה-מאַן. ער האָט, נאָך איידער ער איז געוואָרן קעניג, צוגעזאָגט, אַז ער „וועט מער פאַר־ברענגען אין לאַגער, ווי אין דער היים".

עס הויבט זיך אָן אַן אַזוי גערופענע קעניגלאָזיקייט, מיט אַלע דערשיינונגען פון כאַאָס און אַנאַרכיע. ענדלאַך ווערט אין יאָר 1704 אויף אַ וואַל־צוזאַמענפאָר אין וואַרשאַ, אונטער'ן דרוק פון יונגען שוועדישן קעניג, קאַרל דעם 12-טן, אויסגעוועלט אַלס קעניג פון פוילן סטאַניסלאַוו, לעשטשינסקי, און דער זאַקס, אויגוסט דער צווייטער, ווערט אַראָפּגעזעצט פון טראָן דורך דעם דערמאָנטן שוועדישן קעניג, הגם ער האָט פאַרדינסטן פאַר דעם הצלחה'דיקן פאַרענדיקונג פון דער מלחמה מיט טערקיי (1699).

דאָס איז ניט דער איינציקער פאַל אין דער צייט ווען אַ פרעמדע מלוכה מישט זיך אַריין אין די ענינים פון פוילן. דער רוסישער צאַר, פעטער דער גרויסער, וואָס האָט באַזיגט קאַרל דעם 12-טן אונטער פאָלטאַווע (1709), קומט פערזענלאַך קיין פוילן, זעצט אַראָפּ פון טראָן לעשטשינסקי'ן, און זעצט ווידער אַרויף אויגוסט דעם צווייטן.

ווען אויגוסט דער צווייטער שטאַרבט, זעצט מען אַרויף אויפ'ן טראָן אויגוסט דעם דריטן, דעם „מענש אָן אַ האַרץ און אָן אַ מאַרך" — ווי די פוילישע היסטאָריקער רופן אים — אונטער'ן דרוק פון רוסישן מיליטער, וואָס האָט שוין געהאַט פאַרנומען כמעט גאַנץ פוילן.

אַלע שכנ'ישע מלוכות שטייגן אין מאַכט. דער צאַר פעטער דער גרויסער האָט אָנגענומען דעם טיטל קייזער פון גאַנץ רוסלאַנד אין יאָר 1721, האָט באַזיגט שוועדן און איז געוואָרן אַ שטאַרקע מאַכט; פרייסן ווערט אַ מיליטערישׁ שטאַרקע גוט אָרגאַניזירטע ביוראָקראַטישע מלוכה אונטער דער הערשאַפט פון פרידריך ווילהעם דעם 1-טן און פרידריך דעם 2-טן; עסטרייך־אונגאַרן, אונטער דער

פאַרייניקטער הערשאַפט פון מאַריא טערעסאַ און יאָזעף דעם צווייטן, הויבט אָן צו קומען צו כוחות און מעכטיקייט נאָך דער זיבן־יאָריקער מלחמה מיט פּרייסן. די מאַכט פון די שכנ׳ישע מלוכות שטייגט און פּוילן׳ס פּאָליטישע מאַכט, צוזאַמען מיט דער מאָראַל פון אירע בירגער, זינקט. רעליגיעזע אונטאָלעראַנץ, יעזואיטישע ווילקיר, כאַאָס און אַנאַרכיע שפּאַצירן פראַנק און פריי אין לאַנד, האַנט אין האַנט, ביז עס קומט אַ קראַך, און אין יאָר 1772 ווערט פּוילן צוטיילט צווישן די אויבנדערמאָנטע דריי מלוכות.

דאָס איז די צייט אין וועלכער עס האָט געלעבט גראַף וואַלענטי פּאָטאָצקי, און ווי ער האָט זיך שפּעטער אַ נאָמען געגעבן — אברהם בן אברהם.

די יוגנט, ווי דאָס גאַנצע לעבן פון דער דאָזיקער אינטערע־סאַנטער פּערזענליכקייט, איז אַרומגעשפּונען מיט „מעשׂיות״ און איז אַרומגעוויקלט מיט אַ דיקן שלייער, הינטער וועלכן עס ווימלען סודות. עס איז אָבער קלאָר די סיבה פון דער דאָזיקער געהיימניספולקייט. זי ליגט פון אויבן־אויף. די פּוילישע געלערנטע וועלט, וואָס האָט אויף אים געקוקט ווי אויף אַ „הערעטיק״ ווי אויף אַ שאַנד־פלעק, האָט זיך פון אים אָפּגעטרייסלט און עס קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן דעם, אַז וועלכער עס איז פּוילישער געלערנטער זאָל זיך נעמען די מי צו שרייבן וועגן פּאָטאָצקי׳ן.

פון דער צווייטער זייט זענען די אידן ניט באַקאַנט געווען מיט׳ן לעבן פון דעם דאָזיקן אַריסטאָקראַט, וואָס האָט געלעבט, ביז זיין איבערגיין צו אידן, אין די „הויכע פענסטער״, וואָס זענען געווען אָפּגעצוימט פון אידן מיט זיבן מחיצות.

אויך דאַרף מען נעמען אין אַכט די שטרענקייט פון דעם דאָ־מאָלטיקן צענזור, וואָס האָט אפילו ניט דערלויבט צו דרוקן פּאָטאָצקי׳ס נאָמען אין די קוועלעס, אין וועלכער ער איז דערמאָנט. אַזוי דערמאָנט

זיין נאָמען דער ספר „חזיון למועד" (מאַנדעלשטאַם, וויען 1877, צד 15), אין ראשי תיבות: „ר"א ג"צ", וואָס באַדייט „רב אברהם גר צדק". ס'איז קלאָר, אַז דער פאַקט, וואָס מען האָט ניט דערלויבט צו דרוקן אפילו זיין אַדאָפּטירטן אידישן נאָמען, זאָגט עדות, אַז פּאָטאָצקי איז מיט זיין אידישן נאָמען געווען גענוג פּאָפּולער און באַקאַנט.

ס'איז דאָ נאָך אַ צווייטע ראיה, אַז דער דאָזיקער גר צדק איז געווען זער גוט באַקאַנט. דער דערמאָנטער „חזיון למועד" (צד 15) זאָגט בפירוש בזה הלשון: „אַלע איינוואוינער פון שטאָט וועלן עדות זאָגן, אַז דאָס (די מעשה מיט'ן גר צדק) איז אמת אין אַלע איינצעל־הייטן". („כל יושבי העיר יעידון ויגידון שהוא נאמן בכל פרטיו"). עס ווערט בפירוש דאָרט געזאָגט, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אין ווילנע, אָבער זיין נאָמען ווערט דערמאָנט אין איניציאַלן.

אויך דער פּוילישער שרייבער יוזעף איגנאַצי קראַשעווסקי, אין זיין בוך פון פיר בענדער, וואָס איז געשריבן אין די יאָרן (1840־1842), דערציילט וועגן גר צדק פאָלגענדעס: „גראַף וואַלענטי פּאָטאָצקי, זייענדיק נאָך יונג, איז מיט זיין פריינט זאַרעמבאַ געפאָרן קיין פּאַריז. דאָרטן האָט ער זיך פאַראינטערעסירט אין אַן אַלטן איד, מיט'ן נאָמען מנחם מאַן בן אריה ליב פון ווישליאַן, וועלכער האָט אים באַקאַנט געמאַכט מיט דעם תנ"ך, וועגן וועלכן פּאָטאָצקי, אַלס קאַטאָליק, האָט גאָרניט געוואוסט". אויף פּאָטאָצקי'ס טרוימערישע נאַטור מאַכן די ווערטער פון געטליכע נביאים אַ שטאַרקן איינדרוק. ער לערנט העברעיש, וואַרשיינליך, מיט דער הילף פון דעם דערמאָנטן אידן. אין זעקס חדשים באַהערשט ער די דאָזיקע שפּראַך און באַקומט אַ נייגונג צו ווערן אַ איד.

פּאָטאָצקי און זאַרעמבאָ באַשליסן צו פאָרן קיין אַמסטערדאַם, דאָס איינציקע אָרט אין אייראָפּע וואו עס הערשט רעליגיעזע טאָלע־

ראנץ, און וואו א קריסט קען אומגעשטערט ווערן א איד. פריער פארט ער קיין רוים, כדי זיך צו דערוויסן די אמת'ן וועגן דער קאטויר־לישער קירך. דאס באווייזט קלאר, אז פאטאצקי איז געווען אן ערנסטע, פאראנטווארטליכע נאטור. אין רוים צייגט זיך פאטאצקי איבער, אז לענגער בלייבן א קאטאליק קען ער ניט. ער פארט קיין אמסטערדאם, וואו ער גייט איבער צום אידישן גלויבן, נעמט אן דעם נאמען אברהם בן אברהם, און ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן, איז ער געווארן א פייערדיקער גוטער איד, וואס האט כשר פארדינט דעם נאמען גר צדק.

א קורצע צייט האט אברהם בן אברהם געוואוינט אין דייטש־לאנד. אבער צוליב דעם, וואס ער האט דאס דאזיקע לאנד און פאלק ניט ליב געהאט, האט ער זיך צוריקגעקערט קיין פוילן. דאס באווייזט, אז ער איז געווען א מענש מיט א ראפינירטן געשמאק, מיט א רייכן גייסט, דערפאר איז אים דאס דאמאלסטיקע ביוראקראטיש־מיליטא־ריסטישע דייטשלאנד פון פרידריך ווילהעלם דעם 1־טן און פרידריך דעם 2־טן, ניט געפעלן געווארן; אן אויסנאם האט אברהם בן אברהם געמוזט זיין פון דער דאמאלסטיקער קארופטירטער פוילישער מאגנא־טעריע און האט געווים געהערט צו יענער געציילטער פוילישער אינטעלעגענץ, וואס האט שיין געמאכט פוילן'ס נאמען אין אייראפא.

אין פוילן האט אברהם בן אברהם געלעבט צווישן אידן אין שטעטל איליע, נעבן ווילנע. ער זיצט אין בית המדרש און לערנט תמיד.

איינמאל איז א אידן געפעלן געווארן אים צו מסור'ן. ווארשיינליך צוליב א קליינער מחלוקה. מען האט אים פאר'משפט צו פארברענען אויפ'ן אויטא־דע־פע.

איידער מען האט אויסגעפירט דעם אורטייל אויף אים, האט מען אים פארגעלייגט זיך אומצוקערן צום קאטוילישן גלויבן. ער האט געענטפערט מיט דעם פאלגנדען משל: „אן ארעמאן האט אמאל

פארלוירן אדער מען האט אים צוגע׳גנב׳עט א בייטעלע פול מיט גראשנס. דער ארימאן האט זיך זער געזארגט, האט געשריען און געוויינט און האט זיך געוואלט צוריק-קערן אויפ׳ן זעלבן ארט וואו ער האט פארלוירן, אדער מען האט אים צוגע׳גנב׳עט דאס געלד. ווען ער האט אבער דערזען א גרויסע שטאט, האט ער באשלאסן אהין אריינצוגיין. ווען ער איז אריינגעקומען אין שטאט זענען אים אנט־קעגן געגאנגען אלע חשוב׳ע העיר און האבן אים ארויפגעזעצט אויפ׳ן פירשטן שטול און אים געגעבן פילע רייכטימער. צי וועט נאך דער ארימאן גיין זוכן זיינע פאר גראשן? איך וויל זיצן אויף מיין ערן שטול, צו וועלכן איך האב געגארט אלע טעג פון מיין לעבן״ (עמודי בית יהודה, הורוויץ, דף מ״ו, אמסטערדאם 1766).

אזוי האט אברהם בן אברהם געענטפערט, ווי אן אמת׳ער שטאלצער איד.

זיין עקזעקוציע איז פארגעקומען ווארשיינליך אין 1749, ווען ער איז פארברענט געווארן עפענטלאך על קדוש השם.

עס ווערט דערציילט, אז א איד מיט׳ן נאמען לייזער זיסקעס איז געוועזן ביי זיין עקזעקוציע. (אידן האבן ניט געטארט זיין דערביי, אבער לייזער׳ן האט מען ניט דערקענט מחמת ער האט ניט געהאט קיין בארד). דורך שטעק-געלט האט ער באקומען אש פון דעם מארטירער.



## תיקון טעות

אַ פאַרדריסליכער טעות איז פון מדפיס געמאַכט געוואָרען ביים דרוקען די עשרת הדברות, ז. 29: „לא תענה" דאַרף זיין די ניינטע. און „לא תחמד"—די צענטע.

הרב אפרים פישל ניימאן